געווידמעט
מיין טייערער חברטע
אַננאַ ראַדזשער

**ביכער פון זעלבן מחבר:**

„איר קערפער" (געשפילט אין ווילנע אין 1932)

„דער גייסט פון דער צייט", ארויסגעגעבן אין לאָס־אַנדזשעלעס אין 1927 פון פארלאַג „חבר"

„טעג און יאָרן", דערציילונגען און דערי־נערונגען

מאָריס ראַדזשער

# טעג און יאָרן

## געזאַמלטע שריפטן

דערציילונגען און דערינערונגען

בוירקלי, קאַליפ., 1973

# אינהאַלט

# פאָרוואָרט

מאָריס ראַדזשער, וועלכער האָט זיך באַזעצט מיט זיין ליבער פרוי אַננאַ מיט קאַרגע צוויי יאָר צוריק אין בוירקלי, פאַרנעמט איצט אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ אין די קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן אין בוירקלי און אוקלאַנד. ער האָט אַ רייכע און שעפערישע פאַרגאַנגענהייט, וואָס שליסט איין די עפּאָכע פון די לעצטע 40־50 יאָר.

דאָס בוך דערמאָנט אונדז און מאַכט אונדז באַקאַנט מיט געשעענישן און פּאַסירונגען, וואָס זיינען אויך אַ באַשטאַנדטייל פון אונדזער אַלגעמיינעם לעבן.

אַזעלכע קאַפּיטלען ווי, „דער פעטער פּנחס", „אָפּגעצאָלט אַ טאַטן" און די ביראָבידזשאַנער בילדער דאַרפן געלייענט ווערן מיט אויפמערקזאַמקייט, כדי זיי ריכטיק אָפּצושאַצן. דער טיפּ פון דעם אַלטן קראַנקן ראַבינאָוויטש, וועלכער האָט געלעבט און געשאַפן אַ גוטן און רייכן לעבן פאַר זיין משפּחה איז זייער רירנדיק און רעאַליסטיש געשילדערט. זיין טיפער אינטערעס אין דעם לעבן און שאַפן אין ביראָבידזשאַן, וואו ער האָט געלעבט אַריבער אַ יאָר צייט און וואו ער האָט באַאָבאַכטעט דעם שווערן לעבן פון די אַמאָליקע אידעאַלע פּיאָנערן, ווערט געשילדערט מיט טאַלאַנט און טיפן אינטערעס.

איבערהויפּט איז פאַרכאַפּנדיק „דער קולטור־מאַרש" (אַ ביראָבידזשאַנער בילד) און „אַז מען לעבט דערלעבט מען".

דאָס בוך ווערט רעקאָמענדירט פאַר יעדן לייענער אַלס אַ צושטייער צו דער יידישער ליטעראַטור, געשריבן פון אַ וועלטלעכן און פּראָגרעסיוון שרייבער.

**טשאַרלס פרידמאַן**

# 1

## דער פעטער פנחס

(זכרונות פון אמאליקער ווילנע)

ווען איך בין געקומען פון אמעריקע קיין ווילנע מיט פערציק יאר שפעטער, ווי איך האב זי פארלאזן, האט זיך מיר אויסגעדוכט, אז אלץ וואס איך האב געדענקט וועגן ווילנע; איר גרויסקייט, אירע גרויסע שולן און, להבדיל, די קלויסטערס, אירע געדרייטע שמאלע געסלעך, אירע וועלדער און פעלדער, אירע גערטנער, בריקן, טייכלעך און אזיע־רעס, אירע אלטע קאטעדראלן און דענקמעלער, דער צויבערנדיקער שלאס־בארג און דער באטאנישער גארטן פול מיט בלומען פון אנהייב פרילינג ביז שפעט אין הארבסט. דער וואקזאל האט מיר דאן אויסגע־קוקט ווי א פארכישופטע געביידע, מיט די הויכע ברייטע קאלאנעס פון דרויסן, מיט איר הויכן באלקן פון דעם גרויסן עסצימער, וואו איך האב מורא געהאט אריינצוגיין, ווייל עס האט דארט אלעמאל געשמעקט א מאדנער גערוך פון פליישן און זויערקייטן, צו וועלכע איך בין ניט גע־ווען צוגעוואוינט.

איך ווייס ניט פארוואס, נאר איך בין אזוי געווען פארליבט אין דעם וואקזאל און ווי נאר איך האב געהאט א געלעגנהייט, פלעג איך קומען צום וואקזאל, און שפאצירן דארט הין און צוריק, ניט־ווויסנדיק אליין פארוואס איך טו דאס, אזוי שעהן לאנג.

איך האב אלעמאל געדארפט אכטונג געבן, אז דער ברייט־פלייציקער זשאנדאר, וועלכער האט שוין ניט איינמאל געווארפן זיינע גרויע שלעכטע אויגן אויף מיר, זאל ווידער ניט ווארפן זיינע אויגן אויף מיר און מיך פרעגן, וואס איך טו דא און וואו איך פאר.

ווען איך האב פארלאזן ווילנע מיט פיר צענדליק יאר צוריק, און גע־ווען אין פיל אנדערע גרויסע און פיל גרעסערע שטעט, ווי פעטערבורג, אדעס, ווארשע, און אין די הויפטשטעט פון אויסלאנד, ווי לאנדאן, פאריז, בערלין, קאפענהאגען, העלסינקי און דארט באזוכט די וואקזאלן, האט זיך די גראנדיעזקייט פון ווילנער וואקזאל אינגאנצן געביטן, און

איך האב דאן פארשטאנען, אז מיין יינגלשער קאפ האט אנדערש דאס ניט געקאנט באנעמען, אז דער ווילנער וואקזאל איז דער גרעסטער און די וואקזאל־געביידע איז די אינטערעסאנטסטע אויפן גאנצן קאנטינענט, אויף אזוי פיל ווי איך האב בכלל באגריפן וואס א קאנטינענט מיינט, לויט מיין ביסעלע געאגראפיע וואס איך האב דאן געוואוסט. א חוץ דעם וואקזאל זיינען נאר א פאר פלעצער געבליבן אין מיין מוח...

איצט, ווען איך בין געקומען פון אמעריקע, מיט אזוי פיל יארן שפעטער, האט מיר אלץ אויסגעזען אזוי קליין, אזוי בלייך, אזוי נישטיק, אז איך האב נאר געקאנט לערנען א לעקציע פון צייט, יארן און היסטארישע וויכטיקע געשעענישן פון יענער צייט.

איך בין געקומען באזוכן מיין געבורטשטאט און געבלאנדזשעט אין די גאסן און געסלעך וואו איך בין אויפגעהאדעוועט געווארן, אוואו איך האב זיך געשפילט, זיך געלערנט, דורכגעגאנגען די באערדיקונג פון מיין יונגער מאמען און אנדערע נאענטע קרובים. איך בין געווארן א זעלבסטשטענדיקער מענטש, אויסגעוואנדערט א וועלט. אויסגעלערנט זיך עטלעכע שפראכן, געזען מענטשן פון אנדערע פעלקער, מיט אנדערע געוואוינהייטן און לעבנס־שטייגער, האב איך איצט אנגעהויבן צו פארשטיין, וואס איך האב דאן, אין מיינע יינגלשע יונגע, נאאיווע יארן, ניט פארשטאנען און ניט געקאנט פארשטיין.

ווען איך בין דורכגעגאנגען מיינע גוט־באקאנטע געסלעך, פערעאולקעס, גערטנער, מוזעאומס, געארגעווסקי פראספעקט (איצט לענינסקאיא אוליצא), זאוואלנע, דייטשע גאס, די סמאלע, צעדרייטע יידישע, יאטקעווער און סטעפאנער גאסן און אנדערע אזעלכע צעדרייטע און צעלאמטע געסלעך, ארויפגעגאנגען אויף דעם שלאס־בארג, אריבערגעגאנגען דעם בריק איבער דער ווילִיא, געגאנגען אין די אלטע גרויסע קאסטיאלן, (די גרויסע שול האבן די נאצים אינגאנצן פארניכטעט), דורכגעגאנגען דעם באטאנישן גארטן, פארביי די עטלעכע שיינע דענקמאלן, האט זיך מיר געדוכט, אז ווילנע איז ניט נאר ניין הונדערט יאר אלט, נאר, ווי פיל ארכעאלאגן שרייבן, אז ליטע אין אלגעמיין, איז אנטשטאנען מיט ניין הונדערט יאר פאר קריסטוסן. און אויב מען וואלט געקאנט פארקלענערן אלע שמאלע, אלטע, פארדרייטע געסלעך, מיט די אלע מויערן און גראבע טויערן, מיט די בלישטשענדיקע קופאלן פון די קלויסטערס; די דענקמאלן און אלע אנדערע זאכן פון דער ניין הונדערט

יאריקער ווילנע, וואלט עס געווארן א גרויס קונסטווערק פאר דעם גרעסטן מוזיי אין דער וועלט.

ווילנע בכלל איז א גרויסער פרעכטיקער מוזיי.

און איצט קער איך זיך אום צו מיינע קינדער־יארן אין ווילנע. די זכרונות וועלן פארבלייבן אין מיין זכרון כל־זמן איך וועל לעבן.

דער טאטע מיינער, דער איינבינדער, א חוץ וואס ער איז געווען א גהויסער ארעמאן, האט געהאט זיבן קינדער: פיר ייִנגלעך און דריי מיידלעך. דער טאטע מיינער, דער קליינוואוקסיקער, דער באבערדלטער, פרומער איינבינדער, האט געהאט, ווי אלע פלעגן זאגן, 'גאלדענע הענט'. ווען ער פלעגט איינבינדן א קליין סידורל פאר א רייכער חתן־כלה, האט ער באדארפט אפגילטן דאס סידורל אדער, להבדל, א קסיאנזקע (א גוי־איש געבעטביכל), ארום און ארום און דאן דאס באצירן מיט א ווייכן, טייערן סאמעט (א טייערן לעדער אזא). ער האט אלץ געקאנט דורכפירן אליין, א חוץ אפגילטן דעם שניט. דאס פלעגט זיין מיין אויפגאבע. ווען איך פלעג קומען פון חדר, פלעג איך דאס דארפן אוועקטראגן צום באגילטער, וועלכער האט געוואוינט ערגעץ אין א קעלער, אין א שמאלער ניט־ברוקירטער געסל, פון דער אנדערער זייט אסטאווראטנאיא. צוצוקומען צו דעם דאזיקן געסל האט מען באדארפט דורכגיין פון דער גרויסער גאס דורך א שמאלן דורכגאנג, וואו פוןביידע זייטן זיינען געווען גרויסע און קליינע פארטוכלעטע און פארזויערטע קלויסטערס און קלויסטערלעך, וואו אפגעריסענע, האלב־נאקעטע פויערים און פויערטעס, ניט אפגעשארענע און פארשמוצטע, ניט געוואשענע, זיינען געקראכן אויף די קני אין דער גאנצער לענג פון דעם שמאלן דורכגאנג, ביז עס האבן זיך פארענדיקט די קלויסטערס.

דורכגייענדיק אט דאס הייליק געסל, האט מען געמוזט אראפנעמען דאס היטל און זיך צלמען. יידן האבן ניט געמוזט זיך צלמען, אבער דאס היטל האט מען געמוזט אראפנעמען.

איך בין אבער געווען א משה־קאפויר, פלעג איך גיין מיט מיין היטל אין האנט די גאנצע צייט, ביז וואנען איך בין אנגעקומען וואו מען האט געדארפט דאס היטל אראפנעמען, האב איך דאס היטל אנגעטאן און געלאפן ווי א בייזער ווינט וואלט מיך געטראגן.

דעם אמת געזאגט, בין איך שוין דאן געווען א ניט־גלויביקער און מיין באנעמען זיך אזוי איז געווען א מין פראטעסט קעגן דעם פאנאטיזם

פון די גלויביקע. עס וואָלט מיר גאָרניט אָפּגעפּאַלן ווען איך טראָג דאָס היטל נאָך אַ דריי מינוט, אָבער ביי מיר האָט זיך פון קינדוווייז אָן איינגעוואָרצלט די פראַגע, פאַרוואָס זאָלן מענטשן זיין אַזעלכע ווילדע פאַנאַטיקער! איך האָב שוין דאַן רעבעלירט קעגן דעם . . .

אַזוי זיינען אַוועק אַ פּאָר יאָר און גאָרניט האָט פּאַסירט. איך פלעג אַוועקטראָגן דאָס ספרל, אָדער להבדיל, די קסיאַנזקע צום באַגילטער און ברענגען דאָס צוריק אַז וועלכע עס איז געשעעניש.

אָבער איינמאָל, דאָס איז געווען דאָס ערשטע און דאָס לעצטע מאָל, וואָס איך האָב געקראָגן אַ זעץ אין האַלדז און קאָפּ. מיין אָרעם היטעלע איז פאַרפלויגן אויף דער אַנדערער זייט פון קלויסטער צו קלויסטער, און אַ חוץ דעם וואָס איך האָב געמוזט קויפן אַ ניי היטל, האָב איך געהאַט אַ געשוואָלענעם האַלדז און נאַקן און אַ ווייטיק אין קאָפּ פאַר אַ לאַנגער צייט.

נאָכדעם פלעגט מיין עלטערער ברודער דאַרפן דורכפירן די שליחות פון אַוועקטראָגן און ברענגען צוריק דאָס ספרל אָדער די קסיאַנזקע. אפילו אַז מיין היטל אויפן קאָפּ האָב איך פאַר אַ לאַנגער צייט מורא געהאַט דורכצוגיין די פאַרשאָלטענע „הייליקע" אַסטראָוואָרנאַיאַ".

איז טאַקע אָט דאָ פּאַלט אַריין די געשיכטע פון מיין פעטער דעם פעלדשער און פריזירער פנחס, וועלכער האָט מיר, ווי דער טאַטע מיינער פלעגט זאָגן, אויסגעהיילט מיין האַלדז און נאַקן, און דערפאַר טאַקע געדענק איך אים יאָרן לאַנג.

פנחס, דער פעטער מיינער, איז געווען אַן אמתער מאַן. ער איז געווען איבער זעקס פוס הויך מיט זייער ברייטע פּלייצעס און פלעגט גיין מיט זיכערע גאַוואַהדיקע טריט. ער פלעגט קיינמאָל ניט גיין אין זיין לעדערנעם רענצל, אַ חוץ שבת און יום־טובים. שבת פלעגט ער גיין מיט דער מומען אין שול. שרה־לאה האָט זי געהייסן. די מומע מיינע האָט מען קיינמאָל ניט געזען, ווייל זי פלעגט גיין הינטער אים, ניט דערפאַר וואָס זי האָט ניט געוואָלט גיין מיט אים זייט ביי זייט. פנחס, דער פעטער מיינער, איז געווען אַזוי הויך און ברייט, אַז מען האָט איר כמעט קיינמאָל ניט געקאָנט אַרויסזען.

קוקנדיק אויף מיין פעטערס גאַנג האָט מען געקאָנט מיינען, אַז שרה־לאה, די מומע מיינע, ליגט אים ניט אין דער לינקער פּאָה.

אינעם רענצל זיינעם פלעגט ער טראָגן מיט זיך אַלע נייטיקע מכשי־

רים, וואָס אַ פעלדשער דאַרף האָבן, ווי צום ביישפּיל: אַ פּאָר שערעלער, וואַטע, אַ מאַשינקע צו מעסטן דעם בלוטדרוק, אַ שטיקל העלצל, וואָס ער אַליין האָט אויסגעמייסטערט אַריינצושטעלן יענעם איבערן צונג, אַריינצוקוקן יענעם אין האַלדז. אויך אַ מאַכערייקע מיט אַ שפּיגעלע אַריינצושטעלן יענעם אין אויער.

אַ חוץ דעם האָט ער אין רענצל געהאַט אַ גאַנצן אַפּטייקל פון פּראָש־קעס און עטלעכע פלעשעלעך פון פאַרשיידענע קאָלירטע פליסיקייטן, וואָס ער האָט געגעבן צום קראַנקן אַז געלט. זיינער אַ וויזיט איז געווען אַ האַלבער רובל, נאָר אַז ער איז שוין געווען ביים קראַנקן, פלעגט מען אַלעמאָל געפינען אַ צוגעקומענעם האַלבן חולה, וועלכער איז אַריינ־גערעכנט געווען אין די זעלבע פופציק קאָפּיקעס.

עס האָט אָבער זעלטן פּאַסירט, אַז ווען פּנחס דער פעלדשער איז גע־קומען צו אַ חולה, אַז עס זאָלן ניט קומען איינע אָדער צוויי יידענעס פונעם זעלבן הויף מיט זייערע קינדער, און איידער פּנחס האָט געהאַט די מעגלעכקייט אַנצונעמען זיין רענצל און אַריינלייגן זיין האַלבן רובל אין בייטל, אַז ער זאָל זיך ניט דאַרפן אָפּשטעלן איבעראַנייעס.

אַ יידענע פלעגט אומגעריכט, ניט אָנקלאַפּנדיק אין טיר, אַריין און אַ זאָג טאָן — אַז אַ גוט־מאָרגן, וואַרפן ווערטער פון איר מויל:

— רעב פּנחס, איר זייט דאָך שוין דאָ, איז גיט אַ קוק אויף מיין אַברהמטשיקן. ער האָט עפּעס צרות מיט זיין בייכל . . . איר זייט דאָך שוין דאָ, וועט איר צו דעם ניט צולייגן און איר וועט פילייכט העלפן אַברהמטשיקן.

פּנחס האָט זיך זעלטן געקאָנט אַרויסדרייען און ער האָט מעכאַניש אונטערזוכט אַברהמטשיקן, געגעבן אים אַ רפואה אַז אַ קאָפּיקע געלט און אַז אַ דאַנק.

ווי אַזוי קומט צו פּנחסן צו ווערן אַ פעלדשער? און אַפילו אָנשרייבן אַ רעצעפּט און טאַקע אויף לאַטייניש, ווען ער האָט דעם רעצעפּט ניט געהאַט אין זיין רענצל, איז געווען פּשוט. פּנחס איז געווען אַ סאָלדאַט, און מיט זיין פיינער פערזענלעכקייט און פיזיק, האָט מען אים אַריינגע־נומען אין אַן אַרמיי־שפּיטאָל צו העלפן אַריבערטראָגן פון דער קאַזאַר־מע אין שפּיטאָל אַריין פאַרשיידענע קראַנקע, שטיין לעבן דאָקטאָר ווען יענער האָט אָפּערירט, אַכטונג געבן אויף די קראַנקן־שוועסטער ווי זיי

נעמען דעם פולס, האלטן דאס זייגערל מיט דער לינקער האנט און מיט דער רעכטער צום פולס, און ציילן . . .

ער פלעגט אריבערפירן די קראנקע פון איין צימער אין אן אנדערן און ברענגען זיי צוריק און דערביי זיך דורכרעדן מיט זיי וועגן זייער קראנקייט, אזוי גאנצע דריי יאר. דאס האט אים אויך געגעבן א געלעגנהייט צו ווערן א פריזירער. ער פלעגט זיי דארפן אפגאלן אין געוויסע פלעצער איידער זיי פלעגן דארפן דורכמאכן אן אפעראציע, אויך אויסוואשן זייער קאפ און אפשערן זייערע האר, אז דער דאקטאר זאל זיך קאנען צורירן צו זיי.

אזוי איז ער געווארן אי א פעלדשער און אויך א פריזירער.

ווען ער איז באפרייט געווארן פון דער ארמיי, איז ער געקומען צוריק קיין ווילנע, איז ער אריין ארבעטן אין הקדש, דער ארעמסטער, פינצטערסטער, שמוציקסטער און אפגעלאזנסטער שפיטאל אין ווילנע, און דארטן איז ער געווארן א ספעציאליסט אויף אלע קראנקהייטן. ער האט אויסגעקוקט ניט נאר ווי א פעלדשער אדער א דאקטאר, נאר ווי אן אמתער פראפעסאר.

שרה־לאה, זיין ווייב און מיין מומע, די קליינינקע, קורציקע, באַרערעוודיקע יידענע, האט אים ניט אפגעלאזט און אריינגעטענהט מיט אים:

— געגוג זיך שוין אנגעמאטערט אין הקדש. דו פארשטייסט א קראנקהייט אזוי גוט און פילייכט בעסער ווי יעדער דאקטאר. זע צו זיין א באלעבאס פאר זיך אליין, און אויך אים דערמאנט, אז א חוץ פעלדשעריי קאן ער אויך זיין א צירולניק און מאכן א פיינעם לעבן, און דערציען די פאמיליע בכבוד.

זיי האבן שוין דאן געהאט פיר קינדער, דריי ייִנגלעך און איין מיידל מיט א קורנאסעוואטן נעזל און פארריסענע ליפעלעך. זי האט געהאט זיין אויסזען. ווען מען האט זיך גוט צוגעקוקט צו איר איז זי ניט געווען קיין גרויסע שיינהייט, אבער קיין מיאוסע אויך נישט. זי איז געווען זייער א קאפריזנע און געהאלטן פון זיך זייער שטארק. זיך ווייניק געחברט מיט אירע חברטעס אין גאס, איבערהויפט ווען זי האט זיך דערוואוסט, אז מען שיקט איר אויף מעדיצינישע קורסן אין פאריז. איר נאמען איז געווען גיטל און מען האט שוין געזען גלייך פון אנפאנג, אז גיטל וועט זיין עפעס אנדערש ווי די אנדערע קינדער פון גאס.

פאַרן עלטערן בחור ראובן האָט פּנחס געוואָלט אַז ער זאָל זיין אַן אַפּטייקער און אַז גיטל זאָל ווערן אַ דאָקטאָר. און אַזוי איז דאָס געווען.

ראובן האָט זיך געלערנט אַוואו מען האָט באַדאַרפט און איז געוואָרן אַן אַפּטייקער. ער האָט געקראָגן אַ שטעלע אין אײנעם גרעסטן אַפּטייק־געשעפט און גיטל איז אַזוי גיך ווי זי האָט געענדיקט גימנאַזיע, אַוועק־געפאָרן קיין פּאַריז אויף מעדיצינישע קורסן.

יעדן זומער פלעגט גיטל קומען אַהיים. אַלעמען אויף צופּיקעניש פלעגט זי יעדן פרימאָרגן און יעדן פאַרנאַכט שפּאַצירן אויף יאַטקעווער גאַס, וואו זי האָט געוואוינט, און מיט קיינעם קיין וואָרט ניט אויסגע־רעדט, נאָר זיך געוואָרפן די שכנים אין די אויגן, אַט, זאָלן זיי זען, אַז זי קומט אויף וואַקאַציע, און גלייך נאָך זומער פאָרט זי צוריק קיין פּאַריז צו שטודירן אויף דאָקטאָר . . .

פאַרשטייט זיך, אַז דורכצופירן דאָס אַלץ, פריער צו מאַכן ראובנען פאַר אַ פאַרמאַציסט און גיטלען פאַר אַ דאָקטאָר, האָט דער פעלדשער פּנחס ניט געקאָנט דורכפירן מיט זיין פעלדשעריי און פּוצפּיק קאָפּיקעס פאַר אַ וויזיט און פרייע מעדיצין. האָט ער זיך באַטראַכט, אַז ער זאָל געוויסע שעהן פון טאָג, אין געוויסע טעג, זיך אָפּגעבן מיט פריזירעריי. דאָס הייסט, גאָלן און שערן האָר. ער האָט דאָס איינגעשטעלט ווען עס איז ליידיק געוואָרן אַ בשמים־קרעמל, גלייך אונטער זיין וואוינונג. ער האָט דאָס אויסגערייניקט, איבערגעפאַרבט און אויפגעהאַנגען אַ שילדל אויפן טיר, פּנחס מינ . . . דער פעלדשער, און אונטן — פּנחס מינ . . . פריזירעריי, און די שטונדן ווען ער וועט זיין צו שערן און צו גאָלן . . .

געזונט איז ער געווען ווי אַן אָקס, און די וועלט איז אים גאַנץ ווייניק אָנגעגאַנגען, אַ חוץ צו באַזאָרגן די קינדער אַזוי, אַז זיי זאָלן קאָנען מאַכן געלט . . . געלט . . . געלט . . .

אויפן דאַך, ניט ווייט פון אים, אויף אַ פּאָר טרעפּלעך אַרויפצוגיין, איז געווען אַ בראַנפן געשעפט, אָנגעשריבן אויף אַ דריי־פּוסיקן שילד: „קאַזיאָנעי וויננאָי מאַגאַזין" (רעגירונגס וויין־געשעפט), וואו מען האָט פאַרקויפט שנאַפּס.

די קויפער פונעם שנאַפּס זיינען געווען מערסטנס היימלאָזע, אָרעמע און צעבראָכענע, פאַרשמוציקסטע ליטווישע פּויערים און אַרבעטער, וועלכע האָבן געמאַכט די מאָנאָפּאָלקע זייער צווייטע היים, אַפילו ווען זיי וואָלטן געהאַט ערגעץ אַ צימערל אין אַ קעלער אָדער אויף אַ בוידעם.

די געסלעך אַרום און אַרום זיינען אַלע מאָל געווען די אָרעמסטע, שמוציקסטע און אָפּגעלאָזענע. דאָרט האָבן פאַר פיל יאָרן געוואוינט ייִדן, אָבער לעצטנס האָבן זיך די מערסטע ייִדן פון דאָרט אַרויסגעצויגן און די אָרעמסטע פון די ליטווינער און פּאָליאַקן האָבן זיך דאָרט אַריינגעצויגן.

דער פעלדשער פּנחס האָט דאָרט אויפגעצויגן זיין פאַמיליע. אַלע קינדער האָבן זיך געלערנט. ראובן איז געוואָרן אַן אַפּטייקער און גיטל אַ דאָקטאָר, און ווען ניט די מאַנאַפּאָלקע, וואָלט אַזוי דאָס לעבן פּיליכט אַנגעגאַנגען פאַר גאַנצע דורות און דורות. אָבער זינט די מאַנאָפּאָלקע האָט זיך דאָרט אַריינגעקליבן, איז די גאַנצע באַפעלקערונג דאָרט, ווי דורך אַ שטורעם־ווינט געביטן.

קיינמאָל האָט מען ניט געזען אַזוי פיל שיכורים און אַזוי פיל בראַדיאַגעס, גנבים און גאַסן־פרויען ווי איצט. די אָפּגעריסענע און פאַרדעכטיקטע פאַרשווינען זיינען אַריין און אַרוים פון דער מאָנאָפּאָלקע, און גלייך אַרונטערגייענדיק פון די פּאָר הילצערנע טרעפּלעך פון דער מאָנאָפּאָלקע, אויפגעשטעלט דאָס קליינע גרינע פלעשל, אָדער פלעשעלע אויף דער לינקער לאָדאָנע און דאָס קאָרקל איז אַרויסגעפלויגן ווי אַ קויל פון אַ ביקס, אַז מען האָט נאָר געהערט אָבער ניט געזען, ווי דאָס קאָרקל איז פאַרפלויגן אין די ווייטע הימלען.

אָט, אָט מיט דעם עלעמענט האָט פּנחס מיט זיין פאַמיליע געדאַרפט לעבן פאַר שיינע עטלעכע יאָר . . .

דער אַנטיסעמיטיזם האָט אַרויסגעשפּראָצט פון יעדן אָדער פון דער גרעסטער צאָל אַריינגייער און אַרויסגייער פון דער מאָנאָפּאָלקע. נאַטירלעך, אַז אויך אייניקע פון זיי זיינען געווען פּנחסעס קליענטן, און יעדעס מאָל ווען פּנחס האָט געגאָלט אָדער געשוירן אייניקע פון זיי, האָט ער געציטערט ווי אַ פיש אין וואַסער, און יעדעס מאָל געדאַנקט גאָט, ווען ער האָט געענדיקט דאָס גאָלן און דער שיכורער פויער איז אַרוים אין גאַס.

עס איז געווען אין פרילינג, פּסח־צייט, אינעם יאָר פון בייליסעס פּראָצעס, ווען די צייטונגען זיינען געווען אָנגעפּיקעוועט ווי אַזוי ייִדן „הרגענען קריסטלעכע קינדער, אויסצאַפּנדיק זייער בלוט צו באַקן מצות". יעדער קריסט האָט געוואוסט וועגן דעם און פיל האָבן געגלייבט אין דעם, איבערהויפּט די אַנטי־סאָציאַלע און שיכורע עלעמענטן.

א האלב־שיכורער ליטווינער איז אריין זיך צו ראזירן, ניט איינזיצנ־דיק קיין מינוט אויף זיין פלאץ. פנחס האט געהאט ניט וויניק קליענטן און האט זייער פארזיכטיק געטאן זיין ארבעט פאר פיל יארן, איבער־הויפט אינעם יאר פון דעם ביילים פראצעס. ער האט פרובירט מיט אלע זיינע קרעפטן צו זען, אז דער שיכורער ליטווינער זאל איינזיצן רואיק, און ער זאל מיט זיין ראזיר־מעסער, חס־וחלילה, ניט פארטשעפען זיין פלייש און קיין אומגליק זאל ניט געשען.

אט, אט און ער איז שוין באלד פארטיק. אבער פלוצים האט דער שיכור אווארף געטאן זיין שיכורן קאפ און דער ראזיר־מעסער האט פארטשעפעט זיין האלדז און אביסל בלוט האט זיך באוויזן און דער שיכור איז ארונטערגעפאלן פון שטול. פנחס האט אים אוועקגעזעצט אויפן דיל, האט אים אפגעווישט דאס בלוט און אים זייער פארזיכטיק באהאנדלט זיין קליינע וואונד. ער האט אים פארזיכערט אז גארניט איז געשען און אז אלץ וועט זיין גוט.

— גוט, איצקע, — האט געמורמלט דער האלב־שיכורער פויער און איז אנדרימלט געווארן און געשלאפן און געכארכלט מיט אן אמתן אפעטיטנעם און קינדערשן שלאף.

שרה־לאה האט זיך ניט פארלארן, געהייסן פנחסן אנשרייבן א צעטל, אז צוליב קראנקהייט קאן ער היינט קיינעם ניט אויפנעמען. דער־ווייל האט זי פארמאכט די לאדנס און די פאדערשטע טיר און איז גע־שטאנען און געווארט אז דער פויער זאל זיך אויפכאפן.

לאנג האבן זיי ביידע, פנחס און שרה־לאה ניט געווארט. דער פויער האט זיך אויפגעשטעלט און עטלעכע מאל ווידערהאלט:

— גוט, איציק, גוט איציק! א דאנק! — און איז ארוים ווי גארניט וואלט געשען.

פנחס און שרה־לאה האבן פריי אפגעאטעמט און די שרעק איז אוועק ווי א פוכפעדער אין די ווייטע האריזאנטן . . .

ארויפקומענדיק צו זיך אין הויז האבן זיי זיך געמיטלער דורכגע־רעדט און באשלאסן, אז פנחס זאל פארמאכן די פריזירנע און זאל זיך אפגעבן נאר מיט פעלדשעריי. גאט האט געהאלפן פריער, איידער ער האט דאס געפענט, און וועט זיי ווייטער העלפן אין דעם.

אגב, ארבעט שוין ראובן אין אפטייק און גיטל ענדיקט דעם לעצטן

יאר די מעריציניִשע קורסן, וועט איצט זיין א סך לייכטער דורכצו־קומען.

זיי האבן אבער אינגאנצן פון דער געשעעניש מיטן שיכור ניט פאר־געסן און זיי זיינען ביידע צוגעגאנגען צום פענצטער און אַרויסגעקוקט, זען צי דער שיכור איז נאך אין גאס.

דאס ערשטע וואס דער שיכור האט געטאן ווען ער איז ארויס פון דער פאבריקמאכעריי, איז ער אריין אין מאנאפאל און ארויסגעטראגן א קליין פלעשעלע בראנפן. ער איז צוגעגאנגען צום צווייטן אלטן טויער, זיך אנגעשפארט אין רעכטן ווינקל, ארויסגעקלאפט דעם קאריק און דאס אריינגעזויפט מיט צוויי זופן.

אין א פאר מינוט שפעטער, שוין א גאנץ שיכורער, איז ער אריינגע־גאנגען אין הויף, ארונטערגעלאזט די הויזן און זיך אויסגערייניקט ווי א ווילדע קראנקע חיה. ער איז ווידער ארויס אין גאס. דארט האט ער זיך געטראפן מיט עטלעכע זיינע באקאנטע שיכורים, געפלאפלט עפעס אומפארשטענדלעכע ווערטער און איינער פון די שיכורים האט א זאג געטאן:

— איז האט טאקע דער איצקע דיך געוואלט קוילענען? אויסצאפן דיין בלוט פאר מצה! לאמיר זען, לאמיר זען וואס מיר קאנען טאן צו אים! . . .

פון דריי איז געווארן זעקס, און פון די זעקס — עלף. יעדער איינער האט געוואלט אריבערשרייען דעם צווייטן. אלץ וואס מען האט גע־קאנט הערן שארף איז געווען, אז זיי וועלן זיך אפרעכענען מיט איציקן.

זיי זיינען צוגעגאנגען צום זעלבן טויער פון מאנאפאלקע, אראפגע־ריסן א שווערע גראבע ברעט, דאס אנגענומען זאלבעפערט און צוגע־טראגן צו דער פאבריקמאכעריי, געגעבן עטלעכע זעץ אין דער אלטער טיר. די טיר האט זיך פונאנדערגעעפנט אויף צענדליקער טיילן, און אריין דארט אזוי, ווי אין א הייסער באד מיט פארע.

יעדער איינער פון זיי האט וואס געטאן. קודם־כל צעבראכן אלע גרוי־סע שפיגלען, צעבראכן די שטולן, טישן און אנדערע זאכן, וועלכע זיי האבן ניט געקאנט ארויסטראגן אין גאס. דאן זיינען זיי אריין אין הינ־טערשטן צימער, וועלכער האט געדינט אלס שלאפצימער פאר ראובנען, איידער ער האט געענדיקט זיין פארמאצעווטעריי, ארונטערגעשלעפט פונעם בעט די ליילעכער, ציכלען און די קאלדרעס און יעדער איינער

באזונדער האט גענומען אריינלייגן אלץ וואס איז אים געקומען צום האנט און פון וואס מ'האט געקאנט מאכן א פעקל.

שרה־לאה איז פאמעלעך ארונטערגעגאנגען פון די הינטערשטע טרעפ, און איז אוועק צו דער פאליציי. עטלעכע גארדאוואיען זיינען געקומען אין דער צייט ווען די שיכורים האבן געטראגן די אנגערויבטע זאכן. די גארדאוואיען האבן געמאכט זיך ניט־זעענדיק. די שיכורים זיינען גע־גאנגען לינקס און די גארדאוואיען רעכטס פון וואנען זיי זיינען גע־קומען . . .

# 2

## דער חתן

### (סקיצע)

ווען חנה די קאסאקע איז אין יארן געקומען, האט ביילע ניט גע־וואוסט וואס פאנגט מען מיט איר אן צו טאן, האט זיך גאט דערבארימט אויף איר. ריווע־לאה די שדכנטע האט איר אן עצה געגעבן, זי זאל אלטערן, א בחור פון א יאר צוואנציק, צו זיך אין הויז אריינגעמען, איז א שטיין פון איר הארצן אראפ.

אלטער, א גרויסער, געזונטער יונג, א קיילעכדיקער יתום, אן טאטע־מאמע, האט זיך ביי זיי אין שטוב געפילט ווי ביי זיך אין דערהיים. און קיין דריי טעג זיינען ניט פאריבער, ווי חנה און אלטער זיינען אין א ווינקל געזעסן, מיט א פערטל שפאן איינער פון אנדערן, — געלאכט און ציינגער ארויסגעשטעלט ביילען און יודען ביי יעדער געלעגנהייט.

יודע און ביילע זיינען לענגער געווארן פאר נחת און פרייד. דער רע־כענונג איז ביי יודען געווען א פראסטער:

אלטער האט נאך פופצן מאנאטן צום פריזיוו און פארדינט זעקס רובל א וואך, איז אז מ'זאל רעכענען פופציק קאפיקעס יעדע וואך פאר באד־געלט און אנדערע קלייניקייטן, וואס א בחור דארף האבן, און אפילו נאך פופציק קאפיקעס, וועט נאך אלץ בלייבן פינף רובל. היינט עסן און

טרינקען און שלאָפֿן . . . „וואָס הייסט, ווי אַז אײגן קינד", האָט ביילע מיט אַ פֿרום פּנים געזאָגט, ווערנדיק אַביסל אין כּעס אויף יודען, למאַי ער האָט עס גאָר דערמאָנט. „מען דאַרף עס גאָר ניט איבעררײדן, זאָל אונדז גאָט ניט שטראָפֿן פֿאַר די רייד", דאָס לעצטע האָט זי אַרויסגע־זאָגט אַזוי שטיל, אַזוי ווי מורא געהאַט, אַז אַלטער זאָל, חס־וחלילה, ניט דערהערן.

יודע האָט אַרויסגענומען אַ בלייפֿעדער, אַנגעטאָן די ברילן, פֿאַר־קאַטשעט די אַרבל, פֿאַרקנייטשט דעם שטערן און גערעכנט, אַז אין איין וואָך קען ער האָבן פֿינף רובל, איז דאָס אַ רעכענונג פֿון צוואַנציק רובל אַ חודש, און אין אַ זמן איז דאָ דריי מאָל צוואַנציק, איז עס אַזוי גוט ווי זעכציק רובל אַ זמן, און אין פֿופֿצן חדשים האָבן מיר איין יאָר, איז פֿיר זמנים און נאָך אַ זמן, איז צוזאַמען פֿינף זמנים; אין פֿינף זמנים צו זעכציק רובל אַ זמן, איז עס אַ קיימאַ־לן פֿון דריי הונדערט רובל און אַפֿילו מיט צוויי הונדערט רובל, האָט יודע גערעכנט, קען ער אַפֿילו צום גובערנאַטאָר אַליין צוקומען און אַלטערן פֿון פּריזיװ אויס־קויפֿן. דאַן וועט אַלטער אַרבעטן און אין איין יאָר וועלן זיי האָבן נאָענט צו הונדערט רובל, וועלן זיי נאָך קענען אָוועקלייגן געלט אין אַ זייט — איז ווער וועט זיין אַזוי גליקלעך ווי ער . . .

ביילע האָט די גאַנצע צייט געשוויגן און ווען יודע האָט דעם רעכענונג געענדיקט און דעם בלייפֿעדער אָוועקגעלייגט, האָט זי, ביילע, אַ טראַכט געטאָן, אַז איר יודע קען זיין דער גרעסטער מיניסטער, נאָר ער האָט קיין מזל ניט, איז ער געוואָרן אַ טרעגער. זאָגן וועט זי עס אים ניט, וואָרום ער קען זיך נאָך איבערנעמען, און ווען יודע מאַכט אַ לחיים, לעקט זי פֿון אים קיין האָניק ניט.

אַלטער איז אַריין צו זיי אין הויז מיט אַלע פֿיר, און מיט אים צוזאַ־מען האָט זיך דער שלימזל אַריינגעקליבן. קודם־כּל, נאָך די תּנאָים, האָט זיך אַלטער גענומען אַ וואַקאַציע. יודען און ביילען האָט ער געזאָגט, אַז ער האָט אַ קאַפּוויײטיק, און חנהן אויפֿן אויער, אַז איצט, ווען זי איז זיינע, קען ער אָן איר אַ האַלבע שטונדע ניט לעבן. חנה האָט אויסגע־גלאָצט אירע קאַסאַקע אויגן, אים צוגעדריקט צו זיך און געקושט . . . — „אָט איצט זע איך, אַז דו ליבסט מיך, און דו האָסט מיך ניט אָפּגע־נאַרט" . . . און ווען יודע האָט זיך אַמאָל גענומען פֿרעגן וועגן זיין קאָפּ־וויײטיק, און ביילע האָט אונטערגעברומט און אים געהייסן איינגעמען

ריצלען, האָט זיך אַלטער צעבּרוגזט און איז אַוועק צו דער אַרבּעט.

די אַרבּעט איז אים פון די הענט געפאַלן, און יעדע שטונדע איז גע־וועז פאַר אים אַן אייבּיקייט. און ווען דער באַלעבּאָס האָט אים געהייסן רירן מיט די הענט, האָט ער אַ טראַכט געטאָן: היינט, נאָך היינט אוונט טו איך אים אָפּ אויף טערקיש. און אַלטער איז אַוועק און האָט זיך פאַרשריבּן אין פאַר־פאַריין, און גלייך טאַקע אַרויסגעשטעלט פאָדער־רונגען. און ווען דער באַלעבּאָס האָט אים משלח געווען, איז אַלטער גע־קומען אַהיים און דערציילט וועגן די געבּרענטע צרות וואָס ער שטייט אויס פון באַלעבּאָס, און אַז ער האָט באַשלאָסן צו סטרייקן. און אַלטער האָט אָנגעטאָן זיין שוואַרצע אויסגעניייטע העמדל, גענומען זיין גראָבּן שטעקן און אַרויס מיט חנהן אין גאַס.

האַלטנדיק אַלטערן געאַרעמט, האָט זיך חנה יעדע ווײַלע אומגע־קערט, געקוקט אויף אירע חבֿרטעס, ווי געזאָגט: זעט, ס'אַרא העלד אַ חתן איך האָבּ! און איז זיכער געווען, אַז אַלע זיינען איר מקנא. און קומענדיק אַהיים, האָט אַלטער געגעבּן צו דערקלערן יודען און ביילען, אַז היינט־מאָרגן וועט דער באַלעבּאָס אים שיקן רופן און נאָכגעבּן אַלע זיינע פאָדערונגען און ער וועט זיך שטעלן צו דער אַרבּעט.

בּלייבּנדיק אַליין האָט יודע ווידער מיט אַ בּלייפעדער אויסגערעכנט, אַז אַלטער וועט צו דעם סטרייק ניט דערלייגן, אַפילו ווען ער זאָל אָפּ־סטרייקן גאַנצע פיר וואָכן, וועט ער נאָך אַלץ האָבּן דאָס געלט וואָס ער האָט פאַר אים אויסגערעכנט.

אַזוי איז אַוועק איין מאָנאַט און אַ צווייטער האָט זיך אונטערגערוקט, דער באַלעבּאָס האָט נאָך אים אַלץ ניט געשיקט. ביילע האָט זיך שוין אויף אַן אמתן גענומען בּלאָזן ווי אַן אינדיק און מיט טויטע קללות שילטן חנהן און יודען פאַרוואָס זיי האַלטן אַזוי פאַר אַלטערן און שטעלן איר בּדלות. איז אַלטער ווידער אַוועק צו דער אַרבּעט, אָבּער קיין פיר טעג האָט ניט גענומען ווי אַלטער איז געקומען אונטערהינקענדיק אויף איין פוס און מיט אַ פאַרבּונדענער האַנט. ווען חנה מיט ביילען האָבּן עס דערזען, האָבּן זיי זיך אויף די ווענט געדראַפּעט, צו גאָט זיך גע־ריסן, אַלטערן דאָס טעלערל פון הימל געוואָלט אָפּגעבּן. — „אַלטערל, עס דאָס, עס יענעס, אפשר נאָך אַבּיסעלע, גיי ניט אַרום, רו זיך אויס".

מיט איין וואָרט, אַלטער איז געוואָרן בּיי זיי די צווייטע אויג פון קאָפּ. אַלטערן איז, ווי עס ווייזט אויס, די קראַנקהייט גוט געפעלן. די טעג

האבן אים ניט געוויילִיקט. דער ווינטער האט געהאלטן ביים אויסגיין, דאס אייז איז צעשמאָלצן געווארן און גרויסע לוזשעס זיינען געשוואר־מען, די גאסן ניט דורכצוגיין. דער פרילינג האט געהאלטן ביים אנקור־מען. יודע אוןביילע האבן מיט שווערן געמיט געציילט יעדן טאג, יעדע שטונדע. אלטער האט זיינע טעג פארגעסן, אבער חנה ניט. ריכטיק א טאג פאר פסח איז אלטער גערופן געווארן צום פריזיוו. ביילע מיט יודען זיינען ארומגעגאנגען מיט ארונטערגעלאזטע קעפ, ניט געוואוסט וואס מ'פאנגט אן צו טאן. נאר איין אלטער איז ביי זיך ניט געפאלן.

יום־טוב, ביים טיש, האט אלטער מאטעמאטיש און לאגיש אויפגע־וויזן ווי אזוי ער קאן צונויפשלאגן אויף הוצאות און אלטערן ארויס־שיקן פון לאנד. אז מען דארף וועט מען אויסלייזן. אלטער האט געגעבן צו פארשטיין אז אים וועט זיין זייער שווער זיך צו צעשיידן מיט חנהן, אבער אויב ער פארט איז דאס אויך צוליב איר, אויב ניט וואלט ער גאר־ניט געפארן.

איין טאג נאך פסח זיינען ביי ביילען די פאליצעס ליידיק געווארן. אלע אירע קופערנע כלים זיינען פארשוואונדן געווארן. די טעפלעך און פענדלעך. דער שטוים־אייזן און טשייניק, וועלכע זיינען צו איר אריבער בירושה פון איר זיידן זיינען פארזעצט געווארן, כדי אלטער זאל האבן מיט וואס צו פארן. און נאך אין דעם זעלבן טאג האט ביי זיי אין שטוב געקאכט ווי אין א בינשטאק. ביילע און יודע זיינען געווען פארשמייעט, פארקאכט. אלטער האט געפאקט א טשעמאדאן און חנה האט אנגעטאן זיך יום־טובדיק, האט יעדע ווילע דערלאנגט אן אנדער פעקל, באמערקנ־דיק: „געדענק־זשע! דא ליגט די וואורשט, און דא ליגט ווארעניע. דאס ווארעמע לייבל פארגעס נישט אנטאן". און ווען די זאכן זיינען שוין פארפאקט געווארן, האט ביילע געבראכט א איזוואזשטשיק און יודע, ווי א געניטער טרעגער, האט דעם שווערן טשעמאדאן אראפגעטראגן, און געארעמט זיינען זיי צום וואקזאל געפארן. ביילע האט די גאנצע צייט געריבן זיך די נאז און די אויגן מיט איר פארטוך. יודע האט צום לעצטן מאל מיט אלטערן געטרונקען א לחיים און עטלעכע מאל אונטערן בארד מיט גרויס זארג ווידערהאלט: „גיב אכטונג, אלטערל! פאר גע־זונטערהייט!" חנה האט שטארק ארומגענומען אלטערן, האט זיך מיט אים שטארק צעקושט, געלאכט און דערשטיקט אירע טרערן, וועלכע האבן זיך אין הארצן געריסן און געזאגט: — „פארגעס ניט! . . .

פ־א־ר־ג־ע־ס נ־יי־ט!״ . . . און אלטער איז אוועקגעפארן.

יודע און ביילע האבן געשיינט פון פרייד, — געראטעוועט אלטערן פונעם פריזיון. איין זארג האבן זיי געהאט — ווארטן אויף בריוו פון אים.

נאר ניט לאנג האט עס גענומען. אין צוויי וואכן ארום איז אנגעקומען א בריוו מיט א בעלגישער מארקע, מיט דעם פאלגנדיקן אינהאלט:

„ליבע פאטער און מוטער און חנה לעבן זאל. איך בין אריבער דעם גרענעץ בשלום און איך קען אייך בענאכריכטן, דאס מען האט מיך באגנבעט, מ׳האט צוגענומען מיין טשעמאדאן און אלע מיינע זאכן, און אויב איר ווילט אז איך זאל דא ניט בלייבן, טא שיקט מיר גלייך ארויס צוואנציק רובל״.

ביילע האט שיעור ניט געחלשט פאר ווייטיק, אבער יודע איז א מאנסביל, זאל עס אים אנהייבן צו ארן. אין אמעריקע וועט אלטער אין איינע פאר וואכן פאר אלעם אפנעמען, און ער האט ארויסגענומען זיין אלטן, זילעברנעם זייגער און איז אוועק . . . און דעם זעלביקן אוונט האט מען אוועקגעשיקט צוואנציק רובל צו אלטערן.

צען טעג שפעטער, נאך א בריוו פון אלטערן. דאס מאל פון לאנדאן.

„איך בין אין לאנדאן״, שרייבט אלטער, און קען איצט ניט פארן. איך בין קראנק געווארן פון קלעמעניש און בענקעניש נאך מיינע זאכן, נאך „חנהן און אייך״.

ביילע האט מיט ציטערדיקע הענט און הארץ־קלאפעניש ארויסגענומען אן איינגעוויקלט קליין פעקעלע אין א רויט טיכל, געהויבן די אויגן צום הימל און געזיפצט: „דאס לעצטע! דאס לעצטע!״ . . .

צוויי יאר, ווי אין אייזערנע קייטן געבונדן, זיינען פארלאפן. פון אלטערן ניט קיין איינגעטונקענע פען. יודע האט אויסגעלאזן זיין כעס צו נאך א גלעזל בראנפן, און ווען ער איז געווען גוט שיכור, פלעגט ער פאטשן אין טיש און שרייען: „א־ל־ט־ע־ר ז, ז, ז, א ג־ו־ט־ע־ר יונג, א בררזאט, וועט פארדינען א סך געלט״. און ביילע פלעגט אים שילטן מיט טויטע קללות: „אויך מיר א טאטע, א בראך צו דיין שיכורן פנים!״ ביילע איז פאר די פאר יאר גרוי און אלט געווארן.

ריכטיק אויפן דריטן יאר, ערב יום־כיפור, איז אנגעקומען א בריוו פון אמעריקע, און טאקע פון אלטערן.

אויף א שיינעם בייגעלע פאפיר, מיט עפעס א צאצקע פון אויבן, איז

געוועז זיין פאמיליע אנגעשריבן אין אמעריקאניש. און מיט גרויסע בוכשטאבן צעצויגן איבער דעם גאנצן בויגן בזה הלשון :

„איך לעב, בין געזונט און מאך א סך געלט. איך וואלט חנהן ארויס־גענומען קיין אמעריקע, איז אבער דא א צרה, — מען לאזט קיין קאסא־קע קיין אמעריקע ניט אריין".

אונטערגעשריבן אויך אין יידיש — אלפרעד נעווין.

חנה גייט ארום ווייס ווי א מת, קוים אויפהאלטנדיק זיך אויף אירע פיס. יודע, אויסגעטרונקענע, האלט אין איין שרייען: „ווער ז'דיר שולדיק, אז דו האסט א קאסאקע טאכטער !" אוןביילע שילט מיט טויטע קללות און וויל ניט אנדערש, אז דערטרונקען זאל ווערן קאלאמבוס, אנצינדן זאל זיך אמעריקע !

# 3

## „מיר און זיי"

(סקיצע, געווידמעט דעם ארבעטער אין פעטערסאן)

יעקב איז געזעסן ביים פענצטער און ארויסגעקוקט אין דער ווייט־קייט פון דער פארגאנגענער זון, וועלכע האט אזוי פיל קונצן געמאכט פאר איר אנטרונענע ווערן. אט האט זי זיך פארשפרייט ווי א ים מיט שטורעמדיקע כוואליעס און אט האט זי זיך צעשאטן ווי א פערל אויף א זילבערנער דעק. אט האט זי זיך אויסגעגאסן אין א גאלדענעם באקאל, אט איז זי פארוואנדלט געווארן אין א יאפאנעזישער וואזע. דער הימל איז פארוואנדלט געווארן אין א גארטן פון אלערליי חיות, וועלכע האבן זיך געיאגט איינע נאך די אנדערע. קינדער האבן זיך געשפילט קעגנ־איבער און זייערע זארגלאזע קולכעלעך האבן אפגעקלונגען אויף די פוס־טע ווענט פונעם גרויסן מענטשן־שטייג־צימער.

א צופרידענע, אנגענעמע רואיקייט האט אים ארומגענומען, אז עס האט זיך אים געוואלט אזוי זיצן, רוען און רוען.

אבער דער משוגע־טומלדיקער טאג, מיט דעם גאנצן רעש און גע־

פילדער, מיט דעם קויפן און פארקויפן, מיטן וואנדלען און האנדלען, האבן אים ניט צורו געלאזט. געדאנקען נאך געדאנקען האבן זיך אין זיין אויסגעמאטערטן מוח אריינגעריסן און אים ניט געלאזט רוען.

אט זעט ער פאר זיך דאס ארומלויפן פון מענטשן אהין און אהער, אין צפון און מזרח, אין מערב און דרום. די טראמווייען, אויטאמאבילן, קארעטן — אלעס גייט, אלעס באוועגט זיך, אלעס רייסט זיך, אלעס קעמפט פאר בכורה, אזוי צילאזן, אזוי זינלאזן! . . .

ער איז אויך געווען איינער פון די דאזיקע ווערעמלעך פון דער דאזיקער זינלאזער באוועגונג. אך! ווי גוט עס וואלט געווען ווען עס זאל אלעמאל פארנאכט זיין און ער זאל קענען אזוי זיצן, זיצן, זיצן! . . .

עס איז אין א גרויסן „טובערנאקל" פול מיט ווייס און שווארץ געקליידטע מענטשן, מיט געטלעכע פנימער. דער פרעדיקער שטייט אינמיטן, מיט ווייסע קליידער, פארגלאצט די אויגן צום הימל און זינגט. די מענטשן זינגען מיט: — „א ל ל י ל ו א" — פאלן אויף די קני און ער קען ניט. אויך גייט נאר ארויס א הויך פון זיין מויל, ווען ער וויל מיטזינגען „א ל ל י ל ו א". די טויטע קלאנגען זיינע ווערן דערשטיקט אין דעם אלגעמיינעם ים פון קלאנגען. נאר דער „ארגל" איז בכוח צו לאזן זיך הערן ווי ער אקאמפאנירט „א ל ל ו ל י ל ו א".

אלע הייבן זיך אויף און טויזנטער אויגן שטעכן אים מיט זייערע שארפע, ווי מיט צארן־דורכגענומענע בליקן. דער גלח ווייזט אויף אים מיט כעס און צארן. אלע לויפן צו אים. דער פרעדיקער — דער ערשטער. ער לויפט צום טיר, נאר דאן איז דער גאנצער סופיט, צוזאמען מיט פיל טייערע געצקעס, די גאנצע גאלערייע, מיטן גאנצן עולם איז געפאלן גלייך אויף אים . . .

ט ר ר ר! . . . — ער האט זיך אויפגעכאפט און דערזען, אז א גרויסער פעטער, ברייט־פלייציקער יונגערמאן האט צונויפגעלייגט ברעטער איינע אויף די אנדערע וואס א מאשין האט אקארשט געבראכט און זיי ארויסגעווארפן. ער האט די ברעטער אזוי צונויפגעלייגט, אז עס האבן זיך פארמירט טרעפ, ווי אין א טעאטער די גאלערייע.

די קינדערלעך האבן זיך דארטן געשפילט, האבן לאנג ניט געווארט און זיך אויסגעזעצט אויף די ברעטער, פון אונטן די קלענערע און אויבן די גרעסערע. און מיט גרויס באגייסטערונג אויפגענומען די נייי־אנגע־

קומענע „געסט", באשיטנדיק מיט זאמד די לאנגע, גלאטע, נאר־וואס געבראכטע ברעטער.

אויף מארגן אוונט, ווען יעקב איז פון גאס געקומען, האט ער אויף דעם פלאץ פון די ברעטער דערזען א גרויסע הילצערנע געביידע און ווי ארבעטער שלעפן, קלאפן, זעגן, האקן — ברעטער ווערן באהעפט איינע מיט די אנדערע.

קוקנדיק אויף די ברעטער האט יעקבן פארפירט אזש אין זיין גע־בורט־שטאט. ער האט זיך דערמאנט אן דעם גרינעם וואלד און אן די גרינעביימער. אין די וועגן צו די „שטיבלער" (דאטשעס אונטער דער שטאט ווילנע), ווי אלע פרייטיק פארנאכט פלעגט ער אהין אוועקגיין און זיין דארט דעם גאנצן שבת. אלעס איז גשווען אזוי יום־טובדיק, אזוי אנגענעם ! די גאנצע וואך שווערע ארבעט איז אים אויסגעקומען ווי א שפילצייג אין פארגלייך מיט דעם פארגעניגן און פרייד וואס אים דער־ווארטעט אויף שבת.

היינט, דא אין אמעריקע, אלעס איז אזוי פראזאאיש, אזוי וואכעדיק. איין טאג ציט זיך מיטן צווייטן, ווי א לאנגע קייט פון רינגען, פון זעלבן פינצטערן מעטאל, אייזן, אן אן אנהייב און אן א סוף — א גרויסע, קיילעכדיקע קייט מיט רינגען — ארבעט, האווע, לויף, קויף און פאר־קויף, אזוי ציללאז, אזוי זינלאז ! . . .

מיט פיר וואכן שפעטער האט ער קעגנאיבער דעם פענצטער דערזען אן אויפשריפט אויף דער נאר־וואס פארענדיקטער געביידע: „בית הכנסת אהבת אחים" און מענטשן אין די גאסן האבן זיך אהין געלאזט. ער איז עטלעכע מינוט געזעסן אומבאוועגלעך, געקוקט, זיך אויפגע־הויבן פונעם פלאץ און איז אויך אהין אריין. א רעדנער איז געשטאנען אויף דער בימה און גערעדט, נאכדעם האט דער חזן געזונגען. עס איז פארגעקומען דער חנוכת הבית פון דער נייער שול.

יעקב האט זיך קיין פלאץ ניט געפונען און האט זיך אנידערגעזעצט ערגעץ אין א ווינקל און כדי ניט צו ווארפן די אויפמערקזאמקייט פון די ארומיקע, איז ער א קורצע ווײַלע געזעסן, זיך ביסלעכווייז צוגערוקט צום טיר און איז ארויס.

ביי זיך אין צימער האט יעקב זיך אוועקגעזעצט ביים פענצטער, האט ניט אנגעצונדן קיין פייער. די זוענט האט ער ניט געזען. ער האט פון אלע זייטן ארום און ארום, ווי פון אן אויסגעוואקסענער געביידע, גע־

הערט און געזען די אַלע מענטשן אַפּלאַדירן און פרייען זיך.

אין די אויערן האָט אים געקלונגען דאָס געזאַנג פון חזן און די אַפּלאַ־דיסמענטן פונעם עולם.

ווי לאַנג ער איז אַזוי געזעסן האָט ער ניט געוואוסט. ער האָט ניט געפילט ווי זיין פנים האָט אויפגעפלאַמט און ער האָט מיט קנאה אויס־געשריען: „מיר און זיי".

ער האָט זיך דערמאָנט, אַז זיין יוניאָן וואו ער באַלאַנגט קומט זיך שוין ניט צונויף עטלעכע מאָנאַטן, מחמת זי קען קיין פּלאַץ ניט געפי־נען; דאָס זעלבע איז מיט אַנדערע געזעלשאַפטן, פאַר וועלכע ער האָט אַזוי פיל מי און געזונט אוועקגעגעבן און וועלכע ער וואָלט אַזוי וועלן זען לעבן און בליען . . .

מ'קען קיין פּלאַץ ניט געפינען, קיין איין צימער ניט אויפבויען, טראָץ דעם וואָס מ'וויל וועלטן איבערבויען, לענדער באַהערשן . . . — „מיר און זיי!"

# 4

## אויסגערויכערט אַ קלאַסיקער

(דערציילונג)

(פון דער סעריע — „אַמאָליקער ביראָבידזשאַן)

ווען איך בין אָנגעקומען קיין טיכאָנקע, איצט גאָראָד ביראָבידזשאַן, האָט מיר דער יונגער פּאָעט און געזעלשאַפטלעכער טוער עמיל קאַזאַקע־וויטש, דער לעניִן פּריז־געווינער, באַגעגנט אויפן וואָקזאַל, וואָס האָט דאַן אויסגעקוקט ווי אַ שפּייכלער, מיט גרויסע גראָבע טירן, פינצטערע גרויע פענצטער, מיט האַרטע הילצערנע בענק, אַ טונקל־אומעטיקן בופעט, און מיט פיל אָפּגעלאָזענע, פאַרטרויערטע פויערים און פויער־טעס, וועלכע זיינען געזעסן און געלעגן אויף זייערע האַרטע מיט כמעט־גאָרניט אָנגעפּילטע הילצערנע טשעמאָדאַנעס, וואַרטנדיק, אַז די באַן זאָל אָנקומען.

דער גאַנצער סיבירער וועג פון וולאַדיוואָסטאָק ביז מאָסקווע האָט געהאַט צוויי רעלסן, אָבער איינע איז פולקאָם פאַרנומען געווען פון דער מיליטערישער באַוועגונג, אַזוי אַז נאָר איין רעלס איז געווען פאַר דער ציווילער באַפעלקערונג, וועלכע איז געפאָרן צו־ אָדער פון מאָסקווע, אָדער וולאַדיוואָסטאָק. דאָס האָט געפירט צו אַ סך פאַרלוירענער צייט פאַר די רייזנדיקע.

דער געררוך אין וואָקזאַל, אין יעדן ווינקל, איז געווען אומדערטרעג־לעך. דאָס געשריי פון די קינדער און דער טומל פון די עלטערע האָט שיעור ניט טויב געמאַכט.

דער יונגער חנעוודיקער פּאָעט עמיל קאַזאַקעוויטש האָט מיר באַ־געגנט מיט גרויס פריינטלעכקייט און האָט צום אַלעם ערשטן זיך אַנט־שולדיקט, אַז ער איז ניט שולדיק פאַר מיין אָנקומען מיט צוויי טעג שפּע־טער. ער איז שוין געקומען דאָ דעם דריטן טאָג און ער האָט מיר דער־קלערט די סיבה פון דער באַן־פאַרשפּעטיקונג.

דאָס פורל וואָס איז געפאָרן פון וואָקזאַל ביז דעם שטעטל טיכאָנקע, וואָס איז ניט מער ווי אַ קילאָמעטער און אַ האַלב, האָט זיך אויסגעדרוכט, אַז עס איז אַ גרויסער מהלך. די רעדער האָבן זיך געוואָרפן פוןביידע זייטן אין דער אויסגעווייקטער בלאָטע, נאָך די גרויסע רעגנס פאַר די לעצטע עטלעכע וואָכן אין די לעצטע טעג פון האַרבסט.

מיר זיינען צוגעפאָרן צו אַ גרויסן באַראַק, אַראָפּגענומען מיינע צוויי שווערע טשעמאָדאַנעס, אָנגעשטאָפּט מיט וויניק נייטיקע און מערסטנס מיט ניט־נייטיקער וואָג.

ס'איז געווען שוין גאַנץ פינצטער, און עמיל מיט זיין פריינטלעכן צו־גאַנג און חברשן באַנעם צו מיר ווי צו אַלע אַנדערע, מיר פאָרגעשלאָגן, אַז איך זאָל זיך קודם־כל אָפּרוען, זיך אַרומוואַשן, זיך גוט אויסשלאָפן און מאָרגן איבערפרי וועלן מיר זיך דורכרעדן וועגן אונדזערע נייטיקע אויפגאַבן. ער האָט אין קורצן צוגעגעבן, אַז מיר וועלן ביידע דאַרפן אַרבעטן צוזאַמען און מיר גלייך געגעבן אַ קאָמפּלימענט, אַז מיט מיין אויסזען און געשפּרעך, קוקט אים אויס, אַז מיר וועלן ביידע דורכקומען אויסצופילן אונדזערע פליכטן.

ער האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ קליין האַלב־פינצטערן קליינעם צי־מערל, וואו עס האָט געברענט זייער אַ טונקל עלעקטריש לעמפּל. דאָרט איז געשטאַנען אַ קאָיקע, אַ קליין הילצערנער, ניט קיין געהובלטער טיש,

א ווינער שטול. אין ווינקל איז געווען א וואש־טישל און א קליין עלמערל איבער אים.

דאס צימערל איז געווען באהאנגען מיט פארשיידענע סלאגאנס וועגן פארזיי, וועגן די צילן פונעם פארזיי, און אויסשניטן פונעם מאסקווער „עמעס" און „דאלני־וואסטאטשני פראוודא", ווידער וועגן פארזיי און נאך אנדערע אזעלכע זאכן, וואס זיינען דאן געווען אויף דעם סדר־היום. פון אנדערע זאכן איז דאן קיין פראגן ניט געווען.

אין מאסקווע און אין די אנדערע גרויסע שטעט וואו איך בין דורכ־געפארן, האט זיך זייער אנגעזען און געשפירט דער מאנגל אין אלץ, אפילו פון ברויט, און דערפאר גלויב איך, איז דער לאזונג „פארזיי" גע־ווען אויפן ערשטן און גרעסטן ראנג.

דאס קליינע אייוועלע וואס איז געשטאנען לעבן דער קאיקע, האט ווי עס ווייזט אוים, געגעבן גענוג ווארעמקייט און איך בין איינגעשלאפן ביז נאענט צו זיבן אזייגער. און ריכטיק פינף מינוט נאך זיבן האט עמיל קאזאקעוויטש אנגעקלאפט אין מיין טיר. ער איז געווען אנגעטאן אין א פאר הויכע שטיוול, וואס זיינען געווען גוט פארבלאטיקט, א לעדער־נעם פידזשאק און א לעדערנע מעקע נאענט צו זיין זייט.

ער האט מיר געהייסן זיך ארומוואשן, אנטאן זיך און גיין מיט אים אין סטאלאווע (עסצימער). ער האט מיר אנגעזאגט, אז איך זאל ניט דערשטוינט ווערן פון זייער אנדערשקייט, אין אויסזען, אין די בענק און טישן און טומל פון די איינוואנדערער, ווענען עס וועט נעמען א היפש ביסל צייט זיך צו רעגולירן צום היגן לעבן, צו אונדזער עסן, קליידונג, קלימאט, באנעמונג, א.אז.וו.

אריינצוגיין אינעם עסצימער וואס איז געשטאנען אויף אן אכט־פוסיקן פונדאמענט, האט מען באדארפט ארויפגיין אויף אכט טרעפ, לינקס אין פאדערצימער. ביים אריינגאנג איז געווען א גרויסע גראבע טיר, אויף וועלכער עס איז געווען אנגעקלאפט א בלעכענער שילד אויף יידיש און אויף רוסיש: „לייענזאל" און „ביבליאטעקא". עמיל האט מיר דאס באוויזן און געזאגט, אז גלייך נאך פרישטיק גייען מיר אהין אריין, און אז אונדזער ערשטע אויפגאבע וועט זיין איינצואָרדענען דעם לייענזאל.

ביים אריינגיין אין עסצימער זע איך, ווי יעדער האלט אין האנט א פאפירענעם פינף רובל. ער דערלאנגט דאס יענעם ביים טיר, און יענער

גיט אים אַ פּעקל פון גאַפּל־מעסער־לעפל. עמיל האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס קומט מיר אויס ניט צום האַרצן און אומפאַרשטענדלעך, האָט ער מיר מיט אַ פּאָר קורצע זאַצן דערקלערט, אַז ס'איז אַ גרויסער דוחק אין די מכשירים און אַז פיל טראָגן עס מיט זיך אַרויס נאָכן עסן. איז מען געפאַלן אויפן פּלאַן, אַז יעדער איינער וועלכער קריגט דעם טאָץ און מעסער־גאָפּל־לעפל דאַרף לאָזן אַ משכון פון פינף רובל און ביים צוריק גיין קריגט ער דאָס צוריק. אַן אויסנאָם איז נאָר געווען פאַר די ערשט נייגעקומענע, ביז וואַנען זיי וועלן דאָס פאַרשטיין און האָבן זייער געלט און באַנעמען די גאַנצע פּראָצעדור.

עמיל און איך זיינען דורכגעגאַנגען אַז דער פּראָצעדור. ער האָט זיך גערעכנט פאַר אַ ספּעציאַליסט און פאַר אים, ווי פאַר די לערער, דרוקער, אַרכיטעקטן, מאַשיניסטן, דאָקטוירים איז געווען אַ קליינער באַזונדער עסצימער, וואָס האָט באַדינט נאָר די ספּעציאַליסטן. און איך ווייס ניט פאַרוואָס איך האָב זיך אויך גערעכנט אין דער קאַטעגאָריע.

אין יענעם עסצימער זיינען די טישן געווען באַדעקט מיט ווייסע טיש־טעכער. אויף זיי זיינען געשטאַנען קליינע טעפּעלעך מיט בלומען. די לעפל־גאָפּל־מעסער זיינען נעט אָוועקגעלייגט געווען. באַדינער האָבן יעדן געפרעגט וואָס ער האָט אויסגעקליבן פון דער געדרוקטער שפּייז־קאַרטע.

עמיל האָט מיך באַקאַנט מיט פיל מענטשן און ער האָט זיי צוגעזאָגט, אַז אויף די אַלע באַזונדערע פראַגן צו מיר וועט מען מסתמא מאַכן אַ באַזונדערן אָוונט, וואו מען וועט קאָנען גרינטלעך אַלץ אַרומרעדן.

מיר זיינען אַריין אין דער ביבליאָטעק.

אויף דעם דיל אין אַלע פיר ווינקלען זיינען געווען אָנגעוואָרפן גאַנצע קופּעס ביכער: רוסישע און יידישע, אויך אַביסל העברעאישע. געבונ־דענע און ניט־געבונדענע. מיר האָבן זיך פאַרקאַטשעט די אַרבל, אַריינ־געוואָרפן שטיקלעך האָלץ אין אייוועלע, זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ טישל און אויסגעפּלאַנירט, ווי וואָס און ווי אַזוי די ביבליאָטעק איינצושטעלן.

קודם־כל דאַרף מען אויסמעסטן די הויך, די ברייט און די לענג פונעם צימער, וואו אויסצושטעלן די פּאָליצעס, וואו די טישן און וואו די בענק, און וואו די קאַנטאָרקע אַרויסצוגעבן די ביכער, און דאַן אויסספּאָרטירן די יידישע, די רוסישע און העברעאישע. אָפּקלייבן די פּאָעזיע באַזונדער, ראָמאַנען באַזונדער, דערציילונגען באַזונדער, היסטאָרישע און וויסנ־

שאַפטלעכע, געאָגראַפישע און אַלע אַנדערע צווייגן באַזונדער, אַריינ־
פירן יעדן מיט אַ נומער, דעם נאָמען פונעם אויטאָר, און אַזוי ווייטער.

צום אַלעם ערשטן האָבן מיר אָנגעפאַנגען אָפּסאָרטירן די שפּראַכן. ווען מיר האָבן שוין געהאַט דאָס אָפּגעטאָן, האָבן מיר גענומען אָפּווישן דעם שטויב און לייגן יעדן בוך באַזונדער וואו ער געהערט, אין באַזונ־
דערע קופּקעס.

נאָר איידער די קופּקעס זיינען באַשאַפן געוואָרן האָט גענומען שיינע עטלעכע שווערע וואָכן פון געדולד און פּראַצע. צו קריגן די ווייסע דיקע קאַרטלעך פּאַפּיר צו קאַטאַלאָגירן האָט מען געקאָנט קראַפּירן. נאָר אַלץ איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן און קאַטאַלאָגירט ווי אין אַן עכטער ביבליאָטעק. מיין אַמאָליקע באַקאַנטשאַפט מיט דעם פּאָר און עמיל קאָ־
זאַקעוויטשעס וויסן, איבערהויפּט זיין געדולד, האָט דאָס פּאַרטיק גע־
מאַכט.

אינדערזעלבער צייט האָט עמיל אַליין, ביי זיך אין צימערל, אויסגע־
אַרבעט אַ פּלאַן ווי די פּאָליצעס פאַר די ביכער דאַרפן זיין: די הויך, די ברייט און די לענג. ווי אַן אמתער אַרכיטעקט דאָס אויסגעצייכנט און מיר באַוויזן. מ'האָט גערופן חבר שטיין, אַן איינוואַנדערער פון קאַלי־
פאָרניע, וועלכער אַרבעט איצט אין לעססאָווכאָז (אין האָליץ־געבוי) און ער האָט זיך גלייך גענומען צו דער אַרבעט.

פון דעם חבר שטיין, ווי איך האָב ניט לאַנג צוריק געהערט, לעבט ער נאָך דאָרט און איז אַ פאַרוואַלטער פון אַ לעססאָווכאָז. ער איז אַ פאַמי־
ליע־מענטש און לעבט אַ צופרידענעם לעבן.

שטיין איז געווען אין די הואָווער־צייטן אַ סטאָליער אין לאָס־אַנ־
דזשעלעס, קאַליפאָרניע. ער האָט געלעבט אין דער האַלב־יידישער געטאָ, אין אַ קליין האַלב־איינגעפאַלענער הייזקע, איינער אַליין. קיין שטענדיקע אַרבעט האָט ער ניט געהאַט, ווי אַנדערע טויזנטער ווי ער. פלעגט ער אַרומגיין אויף דער הויפּט־גאַס אין בויל הייטס, מיט אַ לאַנגן קאַסטן פון פאַרשיידענע סטאָלעריי־געצייג אין זיין רעכטער האַנט, און אונטער דער לינקער האַנט האָט ער געהאַלטן אַ היפּשע ברייטע לאַנגע זעג און עפּעס אַ אייזן, פאַרבייגיין די זייטיקע געסלעך און אויסשרייען אין ענגליש: „סאָמטינג טו פיקס! סאָמטינג טו פיקס!” (וואָס צו פאַר־
ריכטן, וואָס צו פאַרריכטן). ער פלעגט אויך, צו זיין זיכער, אַז מען הערט אים, דאָס איבערחזרן אויף יידיש אַ פּאָר מאָל: וואָס צו פאַר־

ריכטן? וואס צו פאררירכטן? מען פלעגט טאקע זען אמאל ווי ער טענהט איין מיט א יידן, און זיי גייען צוזאמען אוועק.

עס פלעגט זיך אויך אמאל מאכן ווען איר זייט געזעסן ביים פענצ־טער, געזען ווי ער דרייט זיך ארום און קיינער דארף אים ניט און קיינער רופט אים ניט.

אין א געוויסן טאג האט מען אים מער ניט געזען, נאר איינער א פלאמבער, וועלכער איז געפארן צוזאמען מיט אים און איז צוריקגעפארן קיין קאליפארניע, האט דערציילט אזביידע זיינען אוועקגעפארן קיין ביראבידזשאן. דער פלאמבער און נאך עטלעכע זיינען צוריקגעפארן, נאר שטיין דער סטאליער איז דארט געבליבן און איז זייער צופרידן.

אט דאס איז דערזעלבער שטיין, וועלכער האט אויסגעבויט די טישן און בענק און די פאליצעס, ניט ווי מען זאגט, נאר ווי איך אליין האב דאס געזען מיט מיינע אויגן.

די פאליצעס, די טישן, בענק און א קליין אלמערל פאר די ווייסע קארטלעך זיינען אפגעפארבט געווארן מיט א ספעציעלן גלאנציקן לאַ־קיר. איבער דער קאנטארקע וואו מען גיט ארויס די ביכער הענגען דריי גרויסע בילדער פון לענין רעכטס, קארל מארקס אינמיטן און סטאלין לינקס. די בילדער זיינען איינגעפאסט אין ברייטע פארביקע ראמען.

ביי ביידע זייטן פון דער קאנטארקע שטייען די צוויי קליינע אלמער־לעך, אין וועלכע עס זיינען ארייינגעפאסט קליינע שופלאדלעך מיט ווייַ־סע קארטלעך, מיט די נעמען פונעם בוך און אויטאר, אט אזוי ווי אין א רעגולערע ביבליאטעק.

אלע, וועלכע גייען ארוים פון עסצימער גייען ארייַן א קוק טאן און גייען גלייך צוריק, ווייל זיי מוזן גיין צו דער ארבעט, נאר איניקע וועל־כע האבן צייט בלייבן דארט און שרייבן זיך איין.

מען מוז איינצאלן פינף רובל דעפאזיט פארן בוך, דעם נאמען וואו מען ארבעט און וואו מען וואוינט. חבר קאזאקעוויטש, דער בוכהאלטער גרעגאראוויטש, א יונגער רויטארמייער און איך שטייען און זען איינ־צושרייבן און ענטפערן אויף פראגן וואס ווערן געשטעלט פון איניקע וועלכע פארשטייען ניט די פראצעדור פון ארויסנעמען ביכער אהיים. מיר טוען דאס געשעפטסמעסיק, שנעל, אזוי אז מ׳זאל ניט פארנעמען צופיל צייט, בכדי ניט צו פארהאלטן די וועלכעווארטן. גאר א קליינע

צאַל וועלכע גייען פונעם עסצימער שטעלן זיך ניט אָפּ. דאָס זיינען על־טערע, וועלכע האָבן קיינמאָל נאָך פאַר דער רעוואָלוציע ניט געקאָנט, אָדער ניט געוואָלט לייענען.

אויף אַ גרויס שטיק וויים פאַפּיר האָב איך אָנגעשריבן, אַז דער לייען־זאַל וועט פון מאָרגן אָונט זיין אָפן פון 5 פאַרנאַכט ביז 10 אָוונט, אַ חוץ אַ האַלבע שעה נאָך פרישטיק און אַ האַלבע שעה נאָך מיטיק און אַ גאַנצן טאָג שבת און זונטיק, ביז וואַנען אַלע וועלכע ווילן ביכער זאָלן זיך קאָנען פאַרשרייבן.

אויך נאָך אַ מעלדונג, וואָס איז געהאַנגען אינמיטן דער וואַנט, האָט זיך געשריבן:

אויב איר געפינט ניט דעם בוך וועלכן איר ווילט, זייט אַזוי גוט און גיט אונדז איבער שריפטלעך וועלן מיר זען דאָס צו קריגן, אויב נאָר מעגלעך.

צוויי קליינע וואַזאָנעס מיט פרישע בלומען זיינען געשטאַנען אויףביידע זייטן פון דער קאָנטאָרקע, אויף די צוויי טישן פון ביידע זייטן, וואָס האָט געמאַכט דאָס געמיט יום־טובדיק און פרייליכער.

עס קומען אַריין יידן, רוסן, כינעזער, קאַרייער, קאַזאַקן און אַנדערע. עס פילט זיך ווי אַן אינטערנאַציאָנאַלער צוזאַמענקונפט, מיט די שפּראַכן וואָס זיי רעדן צווישן זיך. מיט אונדז, וועלכע האָבן צו טאָן מיט אַרויסגעבן די ביכער, רעדן זיי יידיש אָדער רוסיש, אייניקע רעדן מיט זייערע טיפּישע אַקצענטן.

עס זיינען שוין אַוועק צוויי וואָכן, ווי אַלע פיר, קאַזאַקעוויטש, דער בוכהאַלטער, דער רויטאַרמייער און איך, האָבן געאַרבעט ווי ביווערס און אַלץ איז איינגעשטעלט געוואָרן. די הויפּט־אַרבעט פון דער ביבליאָטעק איז געפאַלן אויף מיר און קאַזאַקעוויטשן. פאַר מיר איז דאָס געווען אַ פולער טאָג אַרבעט, אַ חוץ אין די אָוונטן — די קולטור־אַרבעט.

עס איז געווען אַ מיטנוואָכיקער טאָג. איך זיץ אויף אַ הויכער טאַבורעטקע, שרייב וואָס אַריין, שטעל אַוועק די אַריינגעבראַכטע ביכער אויף זייער פּלאַץ און טו אַנדערע קלייניקייטן.

מענטשן גייען אַריין און גייען אַרויס. אַ מיטליאַריקער קאַרייער בלייבט דער לעצטער. ער קוקט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט אויף די דריי בילדער, אויף לענינען, מאַרקסן און סטאַלינען. ווען ער האָט זיך שוין גענוג אָנגעקוקט אויף זיי, גיט ער אַ קוק אויף מיר און וואַרפט

זיינע אויגן אויף די ביכער און איבערהויפט אויף די דיקע ביכער . . .

ער פרעגט מיך צי ער קאָן זיך פאַרשרייבן. יאָ, זאָג איך. ער זאָגט מיר אַ קאַרייאַישן נאָמען: אַ באַ און טשו, און נאָך עפּעס וואָס איך פאַרשרייב זייער געגוי. ער דערלאַנגט מיר די פינף רובל און דאַנקט מיר עטלעכע מאָל.

איך פרעג אים וואָס ער האָט געלייענט און וואָס וואָלט ער ווען. איך דערמאָן אים, פּיליכט האָט ער וואָס געלייענט פון גאָרקין, פון טאָלסטאָי, פון נעקראַסאָוו, דאָסטאָיעווסקי, טשעכאָוו, אָדער צי ווייסט ער וואָס וועגן לענינען.

ער שטעלט אָן זיינע צוויי שוואַרץ-גרויע אויגן און ענטפערט ניט קיין וואָרט.

„ניעט, טאָוואַרישטש, ניע סליכאַל אַ ניך. פּאַדאַזשדיטע, פּאָדומאַיו".

ער לאָזט ניט אַראָפּ זיינע אויגן פון אַ גראָבן בוך וואָס איז געשטאַנען אַנטקעגן אים, „מלחמה און פרידן" פון לעוו טאָלסטאָי. ער הייסט זיך דערלאַנגען דאָס בוך. איך דערלאַנג דאָס אים.

ער נעמט דאָס בוך אין האַנט, גיט ניט אַ קוק אויף דער פאָדערבלאַט, עפנט ניט אויף דעם ערשטן טאָוול, קוקט ניט אויף דער ערשטער זייט, נאָר עפנט אויף דאָס בוך אינמיטן. דאָס בוך האָט געהאַט אַרום זעקס הונדערט זייטן. ער נעצט איין זיין ווייזפינגער און פאַנגט אָן מישן גיך-גיך-גיך, קוקנדיק אינדערזעלבער צייט אויף קאַרל מאַרקסן און די אַנדערע און אַזוי איינגעצנדיק מיטן מויל זיין ווייזפינגער, זאָגט ער: „דאַיטע עטו קניגו!" (גיט מיר דאָס בוך.)

איך וויל אים זאָגן, אַז אויב ער האָט נאָך קיין אַנדערע ביכער ניט געלייענט, וועט דאָס זיין שווער פאַר אים צו פאַרשטיין, נאָר ער האָלט אין איין בלעטערן, נעצנדיק זיין ווייזפינגער.

„דאַוואַיטיע, דאַוואַיטיע!" . . .

איך האָב אים געגעבן דעם בוך און ער איז שנעל ווי אַ פייל און בויגן אַרויס מיטן בוך אונטער זיין אָרעם.

דעם זעלבן אָוונט האָב איך געזען עמילן און אים וועגן דעם דערציילט.

— איר'ט דעם בוך ניט זען צוריק, ווי איר וועט זען אייער לינקן אויער, — האָט ער געזאָגט. — איר קומט פון אַ קאַפּיטאַליסטיש לאַנד, און אייך זיינען נאָך ניט באַקאַנט אונדזערע פּראָבלעמען. מיר האָבן אַ

פראבלעם מיט פאפיר, טראָץ דעם וואס אונדזער רעגירונג גיט ארויס מער ביכער ווי וועלכע עס איז אנדער לאנד אין דער וועלט. אונדזערע בירגער הונגערן ניט פון ווייניק ברויט, נאָר פון פאפיר. איבערהויפּט איז ניטאָ קיין רויך־פּאפיר און די רויכערער זוכן אַ שטיקל פאפיר צו רויכערן. זיי רויכערן אויס די צייטונג, וואס זיי קויפן נאָך איידער זיי לייענען איר דורך. זיי רויכערן אַלץ וואס כאַפּט אַן פייער. יאָ, טאָל־סטאָי "וואָינאַ אי מיר" וועט איצט אַוועק מיטן פייער, — האט ער האַלב־טרויעריק און האַלב שמייכלענדיק מיט צאַרן פאַרביסן מיט זיינע אויבערשטע ציין די זאַפטיקע ליפּן זיינע און פאַרגעזעצט:

— ס'איז פיליכט מיין שולד. איך האָב אייך געדאַרפט זאָגן וועגן דעם. ניט איין קלאַסיקער האָבן די קאַלכאָזניקעס אויסגערויכערט אין די קאַלכאָזן אַרום און אַרום.

מיר האָבן אַ היפּשע צייט גערעדט וועגן דעם עניין און באַשלאָסן אַז:

קודם־כל מוז מען גוט באַטראַכטן די פערזאָן און וואס פאַראַ בוך ער קלייבט אויס. אויב איינער עפנט אויף דאָס בוך אינמיטן און טאַפּט דאָס פאפיר איידער ער קוקט אויפן פאַדערבלאַט, און אים גייט אָן די ווייכקייט פונעם פאפיר, איז אַ סימן, אַז דאָס בוך וועט גיין אויפן פייער, ניט וויכטיק צי עס איז אַ קלאַסיק אָדער ניט.

אַרומרעדנדיק וועגן דעם איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז אויב דאָס איז דער איינציקער בוך וואס מיר האָבן אין ביבליאָטעק און מען קאָן קויפן אַן אַנדערן, זאָל מען דעם בוך אַרויסגעבן, אויב מ'לייגט איין די סומע וואס דער בוך קאָסט. און אויב די פערזאָן איז זייער פאַרדעכטיקט, זאָל מען קיין בוך ניט אַרויסגעבן, אפילו ווען מ'וויל באַצאָלן די גאַנצע ווערט פון בוך.

— אין אַלגעמיין, — האָט עמיל קאַזאַקעוויטש פאַרגעזעצט, — אַז דער פאפיר־הונגער איז זייער אַן ערנסטער. ביז וואַנען אונדזער לאַנד וועט געפינען אַ וועג צו פאַרמיידן דעם ערנסטן פאפיר־קריזיס. נאָר דערווייל דאַרפן מיר זיין זייער פאַרזיכטיק, אַז די קלאַסיקער זאָלן ניט אויסגערויכערט ווערן.

מיר האָבן אונדזער שמועס פאַרענדיקט מיט גרויס צער און ווייטיק און געענדיקט איידער מיר זיינען זיך פונאַנדערגעגאַנגען, אַז אונדזער לאַנד וועט זיכער בייקומען די פאפיר־שוועריקייטן, און אַז ביכער זאָלן זיין נאָר צום לייענען און ניט צום רויכערן . . .

# 5

## דער קולטור־מאַרש

(אַ ביראָבידזשאַנער בילד)

די פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אין דער גאַנץ נייער הילצערנער שול־געביידע. אַלע פענצטער זיינען געווען ברייט פונאַנדערגעעפנט. דאָס פריש גראָז פונעם אַנקומענדיקן פרילינג האָט אָפּגעפרישט יעדן אָבר, יעדן גליד. די פריש־אויסגעצוואָגענע, ווייס־אָפּגעפאַרבטע שיף „קאָמסאָמאָל", וואָס האָט אָנגעלאָדן פאַרשיידענע סחורות און פּראָוו־יאַנטן, האָט דעם קלאַנג פון די הייב־קייטן אַריינגעבראַכט אין דער פאַר־זאַמלונג און דאָס אויסגעמישט מיט דעם טומל פון די איבער צוויי הונ־דערט האַרעפּאַשניקעס, וועלכע זיינען געקומען אויסהערן אַ רעפעראַט וועגן דער קולטור־אַרבעט, וואָס דאַרף פונאַנדערגעוויקלט ווערן איבער דער גאַנצער לענג און ברייט פון דער ביראָבידזשאַנער טייגע.

אויפן מיטינג איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די קולטור־אַרבעט שטייט נישט אויף דער געהעריקער הויך. מ'מוז מיט מער אַחריות סטימולירן צווישן די האַרעפּאַשניקעס דעם פאַרלאַנג און געפיל צו לייענען אַ גוטן בוך און ניט פאַרברענגען די פרייע צייט אויף ניט־נייטיקער צייט־פאַר־טרייב. מ'מוז געפינען אַ מעטאָד אַריינצוברענגען אַ פאַרלאַנג ביי יעדן אַרבעטער צו ווערן אַ גוטער צוהערער אויף אַ קולטור־מיטינג, נאָר אויך אַ געפיל צו לייענען. מען מוז ווערן אַ שלאָגלער אויפן קולטור־געביט. דאָס איז פונקט אַזוי וויכטיק ווי זיין אַ שלאָגלער אויפןווירטשאַפטלעכן געביט.

פאַר דעם צוועק איז נאָך אַ וואַרעמער דיסקוסיע באַשלאָסן געוואָרן, אַז דער חבר באַרים מינץ, פונעם ראַטווירט, זאָל אַרויספאָרן מיט אַ „קולט־פורגאָן" (אַ רייזנדיקע ביבליאָטעק) צו באַזוכן אַלע סאָווכאָזן, קאָלכאָזן און אַלע יידישע דערפער פונעם ראַיאָן, איינצושטעלן ביבליאָ־טעקן אַוואו נאָר מעגלעך און איינשטעלן דאָס קריגן פון אַ בוך אַזוי לייכט ווי מ'קאָן נאָר.

טאַקע גלייך אויף מאָרגן איז לעבן דער שמידעריי געשטאַנען אַ גרוי־

סער וואגן, אויף וועלכן עס איז אויפגעבויט א מין קליין שטיבל מיט פאליצעס פון דריי זייטן. די דרויסנדיקע וועגט זיינען אפגעפארבט אין רויט. אינמיטן די וועגט איז זייער געשמאקפול אויפגעשריבן מיט צוויי־פוסיקע בוכשטאבן: „קולטורפורגאן" און ארום די ווענט זיינען אויס־געקלעפט געווען פלאקאטן, מיט קלענערע בוכשטאבן: „קולטור־פורגאן".

די ארבעטער פונעם גאנצן סאווכאז זיינען יום־טובדיק געשטאנען גרייט צו באגלייטן דעם „קולטור־פורגאן".

דער „קולט־פורגאן" איז געשטאנען ווי א יונג פארליבט פארל צו הערן די מוזיק פון זייער פארלאבונג, אבער קיין פערד, וואס זאלן פירן דעם גרויסן און שווערן וואגן, האט מען ניט געזען.

דער „זאווכאז" (פארוואלטער פון דער באלעבאטישקייט) איז גע־שטאנען לעבן וואגן, אים ארומגעקוקט פון אלע זייטן, זיך א קראץ געטאן אין דער פאטילניצע, מיט דער ערנסטקייט פון א דערפינדער, וועלכער האט שוין דורכגעפירט די גאנצע זאך, נאר ער קאן זיך ניט דערטראכטן צו דעם לעצטן נייטיקן טיילכל:

—וואו־זשע נעמט מען א פערדל? און איבערהויפט, וועלכן פערד?

ער איז געשטאנען א פארטראכטער און מיט א האלב פונאנדערגע־עפנט מויל, אויסגערעכנט די עטלעכע פערד וואס ער קאן קריגן. ס'איז גאנץ פאסקודנע, קולטור היינט, קולטור מארגן, אבער אלע געזונטע פערד זיינען דאך פארנומען פאר דעם פארזיי און געבליבן זיינען נאר עטלעכע, וואס טויגן פאר דעם שווערן וואגן פול אנגעלאדן.

ער ציילט, בייגנדיק די פינגער פון דער רעכטער האנט און די פינ־גער פון דער לינקער האנט.

— דאס פערדל פון יעראסימאוון פון בלאגאסלאווניע, איז איינס; דאס פערדל מיטן לאנגן עק און ווייסע פלעקן, איז צוויי; דעם בעקערס רויט פערדל, איז דריי; דעם דאקטארס צווייט פערד, וואס דער דאק־טאר וועט זיכער ניט אנטזאגן אויסצולייען נאר פאר א פאר טעג, איז פיר. אבער פון די אלע אויסגערעכנטע איז קיינער ניט שטארק גע־נוג צו פירן דעם קולט־פורגאן א גאנצע וואך איבער די אויסגעווייקטע בלאטיקע וועגן, וואס זיינען דורכגעווייקט געווארן נאך די שווערע גרויסע רעגנס מיטן אנקום פון פרילינג.

ער איז אוועק צוזאמען מיטן קולטור־טוער, חבר מינץ, אין קאנטאר און ס'איז באשלאסן געווארן, אז יעראסימאווס פערד און דעם בעקערס

ביינערדיק פערדל זאלן זאלבענאנד איינגעשפאנט ווערן צו שלעפן דעם שווער־אנגעלאדענעם קולט־פורגאן.

— „היינט, צוועלף אזייגער ווערן אלע ארבעטער אויפגעפאדערט ארויסבאגלייטן דעם קולט־פורגאן פון ראטווירט" — אזא מעלדונג איז אויפגעהאנגען געווארן אויף אלע ווענט אין עסצימער.

עס איז צוועלף אזייגער.

דער קולט־פורגאן שטייט ביים קלוב. אינעווייניק זיינען אויסגע־לייגט אויף די פאליצעס ביכער, בראשורן, זשורנאלן, צייטונגען, פעק־לעך פארשיידענע פלאקאטן מיט לאזונגען, שטיקלעך רויטע ציץ, א פאר פעקלעך שפייז און א טשעמאדאן, אין וועלכן חבר מינץ האט ארייננעלייגט זיין איינציקן בעסטן אנצוג, א פאר ריינע שיך, א העמד און אנדערע קלייניקייטן, אין פאל ער וועט דארפן אויפטרעטן אויף פארזאמלונגען.

אט רירט מען זיך. די טיר פון קולטפורגאן ווערט פארמאכט און חבר מינץ שטייט נערוועז לעבן אים און קוקט און לאזט ניט אראפ די אויגן פון די ווייזערלעך פון זיין האנט־זייגערל.

פון פארנט גייט א בריגאדע פון קולטור־שלאגלער מיט א רויטער פאן, אויף וועלכער ס'איז אנגעצייכנט מיט גרויסע בוכשטאבן: „מיר באגלייטן די קולטור אויף שטעגן און וועגן פון אלע סאווכאזן און קאל־ווירטן פון גאנץ בירא־בידזשאן".

דער בלאז־ארקעסטער שפילט דעם „אינטערנאציאנאל". דער קולט־פורגאן רירט זיך גאנץ פאמעלעך. עס איז שוין דריי אזייגער, פיר, פינף, זעקס. די זון האט שוין אנגעפאנגען זיך זעצן. אויפן הארצן איז געווארן שטיל, רואיק און געמיטלעך. אבער צו דעם ערשטן דארף איז נאך גאנץ ווייטלעך . . .

דער טרייבער, איוואן, מיט דער קורנאסער נאז, מיט נאאיווע, ער־לעכע אויגן, ווערט אומגעדולדיק און פאנגט אן שמייסן די אומשולדיקע באשעפענישן יעדע האלבע מינוט. דא איינעם און דא דעם צווייטן. איבערהויפט האקט ער מיט כעס דעם בעקערס פערדל, וואס פארלאזט זיך שוין אביסל צופיל אויף יעראסימאווס „גרויסן" פערד. אזוי גיך ווי יענער כאפט אפ דעם אטעם, אזוי בלייבט דאס געלבלעך פערדל איינ־גאנצן שטיין.

— דו ביסט שוין זיכער פארמאטערט, גיב מיר די לייצעס, — זאגט

מינץ צו איוואַנען, — איך וויל אַביסל טרייבט און דו רו זיך אָפּ.

איוואַן האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, האַלב צעעפנט דאָס מויל און פאַרריסן די נאָז נאָך העכער.

—אַלי סמאַזשעם ? (ווערסטו דאָס קאָנען ?) — מורמלט איוואַן מיט אַן אַרויסגעשטעקטע הינטערשטע ליפּ.

— אויך מיר אַ קונץ ! — האָט מינץ סאַרקאַסטיש אויסגעשאָסן.

מינץ גיט איוואַנען אַ גאַנצע לעקציע וועגן אויטאָמאָביל־טרייבן און וויל אים פאַרזיכערן, אַז אַן אויטאָמאָביל טרייבן איז זיכער אַ גרעסערע תורה, ווי טרייבן אַ פערדל, און ער חזרט איבער עטלעכע מאָל, אַז ער טרייבט שוין אַן אויטאָמאָביל אַ גאַנץ פערטל יאָרהונדערט, איז וועט ער די צוויי קליינע באַשעפענישן ניט קאָנען קאָנטראָלירן ?

איוואַן גיט איבער מינצן די לייצעס און די בייטש און ער מאָסטעט זיך באַקוועם איין, פאַרקאַטשעט קונציק זיין צונג צום גומען און איבער־געבנדיק די לייצעס, גיט ער די פערד אַ קנאַק, אַז די באַשעפענישן שפּרינגען אויף ווי זיי וואָלטן וועלן דערגרייכן די לבנה, אָבער ניט לאַנג דויערט זייער פליען. זיי שטילן זיך איין ביידע צוזאַמען, אַזוי ווי אָפּ־געמאַכט. די רעדער הייבן אָן צו סקריפּען און די אַנדערשקייט פון זייער פאָרן נעמט אַן גאָר אַן אַנדער טאָן. אפילו די גלעקלעך וואָס זיינען געווען אַרומגעבונדן אויף די פערדישע העלדזער האָבן איבערגעביטן זייער טאָן.

איוואַנס מידער קערפּער האָט צוליב דעם באַקוועמען פּלאַץ און צוליב דער ניט געוואוינהייט, אַז ער זאָל זיצן לעבן איינעם וועלכער זאָל טרייבן, איינגעשלאָפן ווי אַ קליין אומשולדיק עופהלע.

מינץ האָט מיט זיין גאַנצער מאַכט פּרובירט קאָנטראָלירן די באַשע־פענישן. ער איז אפילו אַרונטער פונעם וואָגן, האַלטנדיק מיט זיינע לעצטע כוחות די לייצעס און די בייטש, טאָפּטשענדיק אין דער ווייכער בלאָטע, וואָס האָט אים אַריינגעצויגן טיפער און ווען ער האָט געוואָלט בייטן זיינע פּיס. ער איז אַרונטער פונעם וואָגן, ווייל ער האָט געוואָלט העלפן די פערד צו שלעפּן ווייניקער משא. ער איז אָבער זייער שנעל איינגעמאַטערט געוואָרן און איז צוריק מיט גרויס מאַטערניש אַרויפגעקראָכן צוריק אין וואָגן, ניט אָפּלאָזנדיק די לייצעס פון זיינע אויסגעמאַטערטע הענט.

אָבער די פערד האָבן אָנגעפאַנגען ווילד שפּרינגען אַז וועלכן קאָנ־טראָל. דער וואָגן האָט זיך אָנגעפאַנגען טרייסלען אויף ביידע זייטן,

ווי אַ קרחת וואָלט אויף אים אָנגעפֿאַלן. מינץ האָט זיך מיט זיינע לעצטע כּוחות אָנגעהאַלטן ניט אַרונטערצופֿאַלן פֿונעם טרייסלענדיקן וואָגן.

איוואַן איז אַ לענגערע צייט געזעסן ווי אַ האַלבער מת, ווי גאָרניט וואָלט געשען. ער האָט זיך פּלוצים אויפֿגעכאַפּט מורמלענדיק עפּעס אומפֿאַרשטענדלעכע ווערטער, עפֿענענדיק זיין מויל און די צוויי גרויע מילדע אויגן.

איוואַנען האָט זיך, ווי עס ווייזט אויס, געחלומט, אַז ער פֿליט איבער פֿעלדער, איבער וועלדער, בערג און טייכן און גרייכט אָזש צום הימל. ער האָט פֿיליכט געזען דאָס בילד פֿון אליהו הנביא, וועלכער איז געזעסן אין אַ צוויי־רעדערדיקן רייטוואָגן און צוויי גרויסע ווייסע פֿערד זיינען געפֿלויגן גלייך אין די הימלען.

דער הימל האָט זיך פֿאַרוואָלקנט. די זון איז פֿאַרגאַנגען און עס איז זיכער געווען, אַז אַט־אַט פֿאַלט פֿונעם הימל אַראָפּ אַ גרויסער מבול און די ליימענע וועגן וועלן נאָך ליימיקער ווערן.

איוואַן האָט פֿון צייט־צו־צייט פֿונאַנדערגעשפּרייט זיינע צוויי גרויסע הענט, ווי צוויי אָדלער־פֿליגל און צווישן די וואָנצעס געבורטשעט: „לעטים!” . . .

דער וואָגן האָט זיך אַרויפֿגעשלעפּט אויף אַ בערגל. אַ טשערעדע קי איז אָנגעקומען אויפֿן וועג אַהיים נאָך אַ טאָג פּאַשע אויף די גרינע סטעפּעס. נאָך אַ פּאָר קילאָמעטער און זיי זיינען אין גרויסן קאַרייאַנישן דאָרף בלאַגאָסלאָווענע.

מיטאַמאָל האָבן ביידע פֿערד אָנגעהויבן האַסטיק לויפֿן. צי דערפֿאַר וואָס זיי האָבן דערשמעקט די נאָענטקייט פֿונעם דאָרף און דאָס פֿרישע פֿעלד־היי, אָדער צוליב דער שווערער משא פֿון פֿורגאָן, וואָס האָט פֿאַרלוירן זיין גלייכגעוויכט, און איידער מינץ האָט צייט געהאַט אַ ריר צו טאָן מיט זיין מידן מוח, איז שוין דער וואָגן אַראָפּ פֿון דעם שליאַך און איז אַריין מיט זיין גאַנצער שווערקייט אין דער אויסגעווייקטער ליימיקער בלאָטע.

דער וואָגן האָט אָנגעהויבן צו זינקען. די גרויסע אומגעלומפּערטע רעדער זיינען שוין פֿאַרזונקען. די פֿערד רייסן זיך מיט אַלע כּוחות. די פֿאַרע שלאָגט פֿון זיי ווי פֿון אַ וואַרימען קוואַל; זייערע אויגן ווערן גרעסער און וואַסערדיקער. זיי קאָנען שוין מער ניט ציען און לייגן זיך

אַוועק. פריער דער קלענערער, דעם בעקערס, און נאָך אים, דער „פּי־רער", דער גרויסער פערד.

איוואַן האָט זיך אויסגעטשוכעט. ער האָט אויפגעפּענט אַ פּאָר דער־שראָקענע אויגן און מיט איין ראַזמאַך אַריינגעשפּרונגען אין דער דורכ־געווייקטער קוואַטשיקער רויט־שוואַרצער בלאָטע.

— „אַך טי! נו, דאַוואַי! דאַוואַי!"

ער האָט אַ זעץ געטאָן מיט זיין ריזיקן שטאַרקן אַקסל אין וואָגן אַריין, אַז די ווענט האָבן אָנגעהויבן טרייסלען, צוזאַמען מיט די ביכער און גאַנצן קלאַפּערגעצייג. די פערד האָבן זיך ווי מיט נייע כוחות אַ ריס געטאָן פון אָרט און צוריק אַרויס אויפן גרויסן שליאַך.

— אַך, טי! נו, דאַוואַי!"

אָבער אינעווייניק אויף דעם דיל האָט אויסגעקוקט ווי אַ ווילדער אוראַגאַן וואָלט זיך פלוצים אַריינגעריסן אין קולטפּורגאַן, בכדי צו צע־וואַרפן די שיין־איינגעשטעלטע ביבליאָטעק און מיט גרוים זאָרג גע־וואָלט ברענגען אין די סאָווכאָזן ביכער פאַר די האַרעפּאַשניקעס.

די אויסגעמאַטערטע און איינגעדאַרטע באַשעפענישן, וואָס האָבן זיך שיעור ניט איינגעפורעמט אין דער ווייכער לייִמיקער בלאָטע, זיינען איצט מיט זייערע לעצטע כוחות, ווי די שדים, געפלויגן מיטן צעשע־דיקטן „קולט־פּורגאַן" צו דער ערשטער סטאַנציע בלאַגאָסלאָווענייע.

# 6

## דער נייער מענטש

(פון דער סעריע „ביראָבידזשאַן")

דער ווינטער האָט זיך נאָך אינגאַנצן נישט אַרויסגעקליבן, און דער פרילינג האָט זיך שוין געהאַלטן אין אויספּאַקן און פאַרנעמען זיין פּלאַץ. ער האָט צונויפגעבראַכט זיינע זאַכן און אָנגעפּאַנגען איינשטעלן אין אָרדענונג.

וואו־נישט־וואו האָט מען נאָך געזען רעשטלעך ווינטער־חפצים, וואָס

דער צפון־איינוואוינער, דער ווינטער, האט נאך נישט אויסגעפייעט צו פארנעמען.

דער יונגער, חוצפהדיקער פרילינג האט זיך אבער עקשנותדיק גע־שטופט אויף די ברייטע פעלדער און וועלדער און האט מיט באפעלנ־דיקע מילדע בליקן פארארדנט יעדן זיך נעמען צו דער ארבעט. דער פרילינג איז געקומען ווי אנזאגן, אז די אקערס און סאכעס, די בראַ־נעס און וועגענער וועלן דארפן באלד אנהייבן זינגען זייערע לידער . . .

דער רויטארמייער גרישא שמייסט מיליטעריש, מאיעסטעטיש דאס אויסגעדארט פערדל, וואס א חוץ די פלאמענדיקע שמיץ קריגט ער נאך געריבן אין זיינע בייגערדיקע זייטן פון די הילצערנע האלאבליעס, וואס זיינען צו גרויס פאר אים און לויז פאר די רימענס.

די צוואנציק קילא האבער האט ער היינט אויך נישט געקראגן. מ׳מוז האבן זריעה, ציט מען איין פון יעדן, אז די פעלדער וועלן זיין פארזייט ווי געהעריק וועלן זיי אויפגיין, וועט זיין גענוג פאר אלעמען; וועט זיין פאר די הארעפאשניקעס, דאן וועט אויך דאס פערדל נישט באעוולהט ווערן. היינט האט ער אבער באקומען נאר א העלפט. גייט ער טאקע ווי א האלבער — א פערד איז נישט קיין מענטש!

— „גיב, ברודערקע, עסן, וועל איך שלעפן“.

דער רויטארמייער ציילט אין דעם אריין נאך א האלב־צענדליק האלב־פייערדיקע שמיץ. דאס פערדל גיט א שנעלן שפרונג און עס דוכט זיך, אז אט לויפט ער אוועק ווי א וויכער, אבער נאר א פאר מינוט און ער פארגעסט. ער הייבט אן איינשטילן זיין לויפן און שטעלט זיך אפ, דרייט אוים זיין קלוג־פערדישן קאפ און זיינע צוויי אומשולדיקע, קיי־לעכדיקע שטומע אויגן רעדן:

— „נישטא קיין כוח, חבר! גיב האבער, חבר, שפרינג איך, לויף איך. נישטא קיין האבער לויף איך נישט. שמייס, ברודער, אויב דיר איז ליב. איך בין שוין געוואוינט צו דעם! וואלט אבער נישט בעסער געווען ווען איך קריג מיין פארציע האבער?“

דער רויטארמייער האט ווי פארשטאנען דאס פערדן־שפראך און אוועקגעלייגט דאס בייטשל צווישן אים און דעם אמעריקאנעם, וועל־כער איז מיטגעפארן מיט אים אויף ארבעט אין אמורזעט, און ווי גע־זאגט:

— „כאפט דיר דער וואטעמאכער! לויף נישט אויב דו ווילסט נישט,

לויף נישט אויב דו קאנסט נישט. קיין האבער האב איך נישט פאר דיר הינט; טו ווי דו פארשטייסט".

אבער נאר א פאר מינוט און דער רויטארמייער פארגעסט זיך און פארט ווידער אריין מיטן בייטשל אין די קלעפיק־ביינערדיקע זייטן פונעם פערדל.

— „לויף, דו פארפלוכטע באשעפעניש!"

מיט די לעצטע כוחות קריכט דאס פערדל ארויף מיט די צוויי פא־סאזשירן אויף א קליין בערגל, פון וואנען ס'דערזעען זיך די ווייסע, ניי־אויסגעבויטע הייזער פון קאלווירט אמורזעט. דער יידישער קאל־ווירט איז קעגנאיבער די קארייאישע דערפער און צייכנט זיך אויס מיט זיין שלאגלערישקייט אין דעם אויפבוי פון ביראבידזשאן.

וואס נעענטער זיי שלעפן זיך צערייבנדיק די ווייכע שטיינער אויף דינע זאמדן, אלץ גרעסער ווערן די שפיצן פון די נאר־וואס פארענדיק־טע ווייסע הייזער, איבערהויפט איז זייער מערקבאר דער לאנגער בלוט־רויטער דאך פונעם קלוב.

דאס פערדל איז צוגעפארן צום פארוואלטונג־קאנטאר, אויסגעדרייט זיין פערדיש־מידע קאפ, זיך אויסגעהירזשעט, פארשפריצט די מחנות פליגן וואס האבן זיך ארויפגעכאפט אויף זיינע פייכטע, גלאטע אויערן.

— „שוין, מ'קאן שוין?" — וואלט ער ווי געזאגט און ער האט זיך זייער באקוועם איינגעבירגערט.

גרישא איז אראפגעשפרונגען פונעם וואגן, אויסגעבונדן די שטומע באשעפעניש, איבערגעדרייט עם מיטן הינטן צו כינע, און דאס אויס־געהונגערט, פארמאטערט פערדל האט זיך גענומען פאסמאקעווען מיטן פרישן היי, וואס דער רויטארמייער האט מיט א לאנגן, שארף־שפיציקן גאפל ארויפגעלייגט אויפן וואגן.

— „נאך א ביסל שווערקייט", — זאגט גרישא צום אמעריקאנער, — אבער עס וועט לאנג נישט דויערן. היינטיקס יאר וועלן מיר שטייגן און איבערשטייגן, זאלן נאר קיין אויסערלעכע צרות נישט צופאלן; די אי־נערלעכע וועלן מיר זיכער בייקומען. אט דא אנטקעגן, זעט איר? — האט ער באוויזן מיט דער האנט אויף דער אנדערער זייט פון אמור, וואו עס האבן זיך ארויסגעוויזן די הייזקעס פון א כינעזישער שטאט, — אט דער פלאץ איז רויט געווען פון בלוט אין ניינצן ניין און צוואנ־ציק, ווען די כינעזער זיינען אויפגערייצט געווארן צו מאכן אן אנפאל

אויפֿן סאָוועטן־פֿאַרבאַנד. מיר זיינען געווען געצוואונגען פֿון פּאַרטיי־דיקער ווערן אַנגרייפֿער. אונדזערע רויטאַרמייער האָבן מיט טריאומף פּאַרטריבן די אַנפֿאַלער און אַריינגעמאַרשירט אויף כינעזישער ערד, ווערנדיק וואַרעם באַגריסט פֿון דער כינעזישער אַרעמשאַפֿט, אַרבע־טער און פּויערים. אין דריי טעג שפּעטער, זייענדיק זיכער אַז דער שונא וועט שוין מער אויף סאָוועטישער ערד נישט גיין, האָט די ראַטנמאַכט באַפֿוילן זיך צוריקצוציען. מיר דאַרפֿן נישט קיין פֿרעמד לאַנד".

דער רויטאַרמייער האָט גערעדט וועגן דעם מיט אַזאַ מין פּשוטקייט, אַז אַ זייטיקער האָט געקאָנט דענקען, אַז דאָס רעדט ער וועגן אַ זייער לייכטן ענין.

ער איז צוגעגאַנגען צום פּערדל, וועלכער האָט זיך ווי געשעמט אויפֿ־הערן עסן, האָט אים אַ מילדן גלעט געטאָן איבערן קאָפּ, אים צוגע־שטופּט אַביסל פֿרישע היי און איז אַוועקגעגאַנגען.

ס'איז שוין געווען פֿאַרנאַכט. די צפֿון־זון האָט שוין געהאַלטן אין אָפּשפּילן דעם אונטערגאַנג־אַקט. זי האָט זיך ביסלעכווייז גנבֿאיש אַרי־בערגעשמוגלט אויף דער אַנדערער זייט גרענעץ — איבערן ברייטן טייך אַמור.

אַרבעטער זיינען געגאַנגען פֿון דער אַרבעט, ווער צו זיך אין הויז, ווער אין עסצימער, ווער אין דער קאָאָפּעראַטיווער קראָם ברענגען וואָס אַהיים. אָבער היינט, מער ווי אַלעמאָל, זיינען זיי שטיין געבליבן מיט ערנסטע בליקן, אויף גרויסע האַנט־געשריבענע פּלאַקאַטן אין יידיש, רוסיש און קאָרייאיש, וואָס האָבן געלאָזט וויסן, אַז „היינט, 8 אַזייגער אין אָוונט וועט חבר סמירנאָוו, קאָמאַנדיר פֿון דער לאָקאַלער „אָגפּו" רעדן אין די קלוב־צימערן וועגן דער לאַגע אויפֿן ווייטן מזרח".

אַלע רעדן וועגן די לעצטע געשעענישן.

די לעצע נומערן „האַלנאַ־וואָסטאָטשני וועסטניק" האָבן געלאָזט וויסן, אַז ס'האָט זיך געהערט אַ שיסעריי אויף די גרענעץ־שטעט. יאַ־פּאַנעזישע ביקסן האָבן אַריינגעשאָסן עטלעכע מאָל אויף סאָוועטישן באָדן. דער סאָוועטישער פֿאַרשטייער האָט אַריינגעטראָגן אַ פּראָטעסט צום יאַפּאַנעזישן געזאַנדטן.

פּאָר איינציקע קליינבירגערלעכע עלעמענטן, וועלכע זיינען די לעצטע וואָכן אַנגעקומען פֿון אומאַן, אוקראַינע, איז עס געווען ווי געוואונטשן: צו פֿאַרשפּרייטן אַ בייזן קלאַנג צווישן זייערע ווייבער, וועלכע בענקען

נאָך אַביסעלע צום אַמאַליקן האַנדל, פון די צייטן ווען מ׳האָט נישט געמוזט פּראַצעווען און געמאַכט אַ „לייכטן” רובל, נישט ווי היינט, וואו יעדע זאַך איז געציילט, באַגרענעצט און פּלאַנירט און נאָר די וועלכע אַרבעטן און שאַפן האָבן דאָס רעכט צו לעבן.

אינגאַנצן אַ פּאָר שעה ווי די באַקאַנטמאַכונג איז אויסגעקלעפּט געוואָרן און דער אַמוזעמער קאַלווירט גייט כּאַדראַם. איבערהויפּט איז רעשיק אין די הייזער, וואָס זיינען בשכנות מיט דער נאַר־וואָס אַנגעקומענער קלייטניטשקע, וועלכע האַלט אין איין אַריינטענהען מיט שכנים:

— „וואָס רעדט איר, זאָל איך אַזוי דערלעבן צו זען אַלדאָסגוטס אויף מיין ראָזעלען, ווי איך אַליין האָב געהערט פון מרים די בעדערקע, אַז אַ גויע פון באַגאָסלאַוועניע האָט איר דערציילט, ווי אַ קאַרייער האָט געהערט ווי מ׳האָט געוואָרפן באַמבעס פון עראָפּלאַנען”.

צווישן עטלעכע יידענעס און סתם קליינבירגערלעכע אַרונטעררייסער איז געוואָרן אַ מורמלעריי וועגן אַ „שרעקלעכער” מלחמה, וועגן יתומים און אַלמנות, וועגן צעריסענע קערפּערס, דערהרגעטע און פאַרקריפּלטע.

אין דער אמתן איז דער אינצידענט געווען אַ נישט־וויכטיקער. קיינער איז נאָך דערוויילן נישט דערהרגעט געוואָרן; די קינדער זיינען נאָך געבליבן ביי זייערע מאַמעס און די פרויען האָבן נאָך געהאַט זייערע מענער; קיין קריפּלס זיינען נאָך דערווייל נישט געווען פון דער „שרעקלעכער שיסעריי”. די עטלעכע קלאַג־מאַמעס און באַוואוסטזיניקע אַרונטעררייסער, וועלכע האָבן זיך נישט געקאָנט אָפּגעוואוינען פון דעם פרייען האַנדל, „לייכטן” רובל, שווינדל און אָפּנאַרעריי, האָבן די נייעס פון כאַבאַראָווסק פאַרשפּרייט לויט זייער קליינבירגערלעכער פאַנטאַזיע און וואונטש.

ריכטיק אַכט אַזייגער. דער גרויסער קלוב־זאַל איז געפּאַקט פון וואַנט־צו־וואַנט. אויף דער פּלאַטפאָרם שטייט אַ טיש באַדעקט מיט אַ רויטער דעק. די רויטאַרמייער אין אוניפאָרמען, קאָמאַנדירן, אָפיצערן און נידעריקע, וועלכע קוקן אויס אַלע ווי איינער — זיצן אַרום טיש.

דער סעקרעטאַר פונעם ראַטווירט עפנט דעם מיטינג און שטעלט פאָר דעם קאָמאַנדיר פון „אַגפּו”, דעם בלאַנדן חבר סמירנאָוו.

דער יונגער רויטער קאָמאַנדיר, וועלכער זיצט די גאַנצע צייט ביים טיש מיט די אויגן אין אַ נאָטיצביכל, פאַרטראַכט זיך און שרייבט וואָס

אריין, און דערהערנדיק זיין נאָמען, הייבט ער זיך אויף און אַן פאַר־מאַליטעטן הייבט ער אָן:

— „חברים, האַרעפּאַשניקעס!״ . . .

ער האָט אין קורצן באַלויכטן וואָס מ׳האָט אויפגעטאָן, וואָס מ׳טוט און וואָס מ׳פּלאַנירט צו טאָן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. אין זיין קורצער פלאַמענדיקער רעדע האָט מען געשפּירט, אַז דאָס רעדט איינער וועל־כער איז נשמהדיק מער פאַראינטערעסירט וועגן אַ נאָגל, דאַך, פענצ־טער, וועגן מילך און ברויט, וועגן שרויפן פאַר דעם טראַקטאָר און פּאַדקאָוועס פאַרן פערד; ביכער פאַר דעם לייענשטיבל, וועגן זאָקן און שטיוול, ווי וועגן מלחמות און הריגות. ער האָט עטלעכע מאָל באַטאָנט, „אַז ווען מיר וועלן שווער אַרבעטן, וועלן מיר דאָס האָבן, און דאַן וועלן מיר שאַפן אַ קלאַסנלאָזע געזעלשאַפט, סאָציאַליזם און קאָמוניזם״.

ווען ער האָט געענדיקט שטעלט זיך אויף באַיאַרסקי, אַ קאָמאַנדיר פון כאַבאַראָווסק. ער רעדט מיט אַן עכט־יידישן רוסיש וועגן דעם פאַרגאַנגענעם קאַמף פאַר דער באַפרייאונג, וועגן דער ראַטן־מאַכט, וואָס טוט וואָס מעגלעך צו עטאַבלירן אַ יידישע סאָוועטישע אויטאָ־נאָמע רעפּובליק, צו העלפן דורכפירן די לענינישע נאַציאָנאַלע פּאָלי־טיק פאַר די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן, אויך פאַר די ניט־פּראָדוקטיווע עלעמענטן און מיט דעם איינמאָל פאַר אַלעמאָל לייזן די אַנגעווייטיקטע פּראָבלעם פון אַלע צייטן, פונעם גאַנצן ערד־קויל . . .

— „אָבער די קאַפּיטאַליסטישע וועלט שטשירעט מיט די ציין און זוכט מיט אַלע מיטלען אונדז צו פאַרניכטן, אונדז איינוואַרפן, איידער מיר שטעלן זיך אויף די פיס. צוליב דעם האָבן מיר געשאַפן די העל־דישע רויטע אַרמיי — די אַרמיי פון די זין פון האַרעפּאַשניקעס, פאַר וועלכע די שטאַרקסטע שונאים ציטערן ווי לעמעלעך״.

ער האָט גערעדט אַרום אַ האַלבע שעה און פאַרענדיקט, „אַז קיין מלחמה קומט ניט פאַר, אָבער ס׳איז מעגלעך אַז עס זאָל פּאַסירן. אונדזער קומען היינט צו אייך איז צו פאַרשרייבן די האַרעפּאַשניקעס פון ניינצן ביז אַכט און צוואַנציק יאָר אַלט, וועלכע וועלן דאַרפן פאָרן קיין כאַבאַראָווסק פאַר מושטיראָווקע״.

אין זאַל איז געוואָרן אַזאַ לעבעדיקייט און יום־טובדיקע שטימונג, אַז ס׳האָט זיך גערעכט, אַז די ניט־צושטאַרק באַלויכטענע לאָמפּן האָבן ווי ליכטיקער אָנגעהויבן שיינען. די בילדער פון די פירער פון דער

פּראַלעטאַרישער מלוכה זיינען ווי לעבעדיק געוואָרן. אַט דאַכט זיך, ווי זיי גייען אַרונטער פון וואַנט, זיי רעדן, זיי קעמפן! . . .

אינגאַנצן צוויי מינוט און אַ לאַנגע ריי פון יונגע, לוסטיקע יאַטן, שפּילעוודיק און טומלדיק איילן זיך צו פאַרשרייבן, צו פאַרטיידיקן דאָס אַרבעטער־פאַטערלאַנד, די גלותלאָזע, אייגענע אַרבעטער־היים.

מיט שטאַלענע טריט גייען די געמוסקולטע יאַטן, נישט געבויגן אין טרויער, נאָר ווי היים־פאַרליבטע, וועלכע איילן זיך אין די אָרעמס פון זייערע געליבטע. מיט שטאָלץ־געהויבענע קעפּ, מיט מאַזאָליסטע הענט און ברייטע האַרטע פּלייצעס, מיט בליקן פרייידיקע און זאָרגלאָזע גע־מיטער, מיט שמייכלען צעגאָסענע אויף זייערע יונגע פּנימער, שטייען זיי איינע אונטער די אַנדערע.

צען, צוואַנציק, דרייסיק, פערציק . . . דער „עק" ווערט לענגער, לענ־גער, שוין באַלד ביז צום אַרויסגאַנג. אַט דאַכט זיך, אַז אַלע זיינען אין דיזעלביקע יאָרן געבוירן. און די וועלכע זיינען אין „עק" קוקן מיט שטאָלץ איינער אויף דעם אַנדערן, מיט אַזאַ וואַרעמקייט און פרילינג־פרייידיקער באַגייסטערונג, גאָר נישט ווי אַזעלכע וועלכע ווערן סאָל־דאַטן, נאָר ווי אַזעלכע וועלכע ווערן צו טראַנען דערהויבן.

אויף דער בינע קומען אַרויף צוויי רויטאַרמייער. זיי לייגן אַוועק זייערע היטלען אויפן טיש, טוען אויס זייערע מיליטערישע רעקלעך, פאַרקאַטשען די אַרבל פון זייערע קאַקי־העמדלעך און נעמען זיך צו פאַרשרייבן.

פון דעם איין לאַנגן „עק" זיינען דריי געוואָרן. יעדער אין אַ באַזונ־דער ווינקל, אָבער אַלע צוליב איין און דער זעלבער זאַך, פאַר איין צוועק און ציל . . . פאַר אַ פרייער היים, פאַר אַ קלאַסנלאָזער, סאָציאַ־ליסטישער היים, דעם רויבער איבער די הענט געבן ווען נייטיק.

אַנשטאָט טרערן — הייסע פרייד; אַנשטאָט מורא — באַגייסטע־רונג; אַנשטאָט פּלוד בענטשן זייערע מיילער . . .

— „העי, פּעטקאַ, טי פּאַטשעמו ספּיש?" — שטורצט אַ פויערטע איר צוואַנציק־יעריקן זינדל, וועלכער איז געבליבן עטוואָס הינטערשטעליק.

— „און דו, בערטשיק? ווי אַלט ביזטו?" — פרעגט דער גרייז־גרויער איסיי סאַמואילאָוויטש סאַרנאַ, דער צוויי און זעכציק יעריקער קאָנטאָר־אַרבעטער, צו אַן עטוואָס־פאַרשפּעטיקטן יונגן אַרבעטער.

— „אַך, זון, איך בין דיר מקנא!"

אין דעם אַלטנס אויגן באַווייזט זיך אַזאַ יוגנט, וואַרעמקייט און דערפרישונג, אַז עס דוכט זיך, ווען ער קאָן פון זיך דריי מאַכן, לויפן זיי אַלע דריי צו אַלע ווינקלען פון דער בינע זיך צו פאַרשרייבן.

— „נאָר די יעניקע, וועלכע זיינען בירגער פון ראַטנמאַכט זאָלן זיך פאַרשרייבן, — שרייט אויס אין טומל סמירנאָוו, דער פאָרזיצער פון דער פאַרזאַמלונג.

אויף אַ באַנק נישט ווייט פון טיר הערט זיך אַ טומל. בערטשיק, דער הויכער יונג מיט ביינער, אַ בוכהאַלטער, וועלכער איז נישט לאַנג צוריק אָנגעקומען פון לאַטוויע, באַקלאָגט זיך פאַר זיין שכן, דעם יונגן טראַקטאַריסט, וועלכער איז נאָר־וואָס צוריקגעקומען פון פאַרשרייבן זיך.

— „וויל ווער וועלכע ס'איז פראַגע שטעלן?" — פרעגט סמירנאָוו.

בערטשיק הייבט אויף זיין האַנט, גייענדיק צו דער פּלאַטפאָרם.

— „איך בין אין די יאָרן!" — שטאַמלט ער, — און ווייל איך בין נאָך נישט קיין סאָוועטישער בירגער, קאָן איך זיך ניט פאַרשרייבן? דאָס איז אַן אומרעכט! נישט ריכטיק! נישט לאָגיש! נ־י־ש־ט מענטש־לעך! נישט" . . .

מער האָט ער נישט געקאָנט רעדן און איז צוריקגעגאַנגען מיט אַ דערשטיקט וויינענדיק קול. אָבער נישט צוקומענדיק צו זיין זיץ־פּלאַץ, האָט ער זיך אומגעקערט מיטן פּנים צו דער פּלאַטפאָרם, זיך אָנגענו־מען מיט מוט, אַז זיינע ווערטער וואָס ער וויל נאָך זאָגן, זאָלן נישט דערשטיקט ווערן, אַז זיינע געדאַנקען זאָלן זיין אַזוי קרעפטיק און ווירקזאַם ווי נאָר מעגלעך.

— „איך בין יונג, שטאַרק גענוג, איך עס אייער ברויט, אָטעם אייער לופט, געניס אייער פרייהייט! איך אַרבעט און קעמף פאַר אַ שיין און געהעריק לעבן! איך וויל און מוז העלפן פאַרטיידיקן אונדזער לאַנד; ווערט איר מיר נישט פאַרשרייבן?"

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן, און איז לאַנגזאַם, ווי עפּעס נאָך אַ גרויסן אומגליק, צוריק צו זיין פּלאַץ געגאַנגען.

די פאַרזאַמלטע האָבן געוואָרפן זייערע בליקן אין דער ריכטונג פון בערטשיקן, פון אָנפאַנג נישט פאַרשטאַנען אין וואָס ס'האַנדלט זיך, נאָר עטוואָס שפּעטער זיך אָריענטירט, זיינען אַלעמענס בליקן אָנגע־שטרענגט געווען אין זיין ריכטונג.

— „וועט מען מיר נישט איינשרייבן? — האָט ער געשריען אַזוי הויך ווי מעגלעך. — „וועט איר מיך געפינען דאָרטן״, — וואָרפנדיק זיין רעכטע האַנט, מיט אַ צוזאַמענגעדריקטן פויסט, אין דער ריכטונג צום רווישנדיקן אַמורער טייך...

לעבעדיקע קופּקעס האָבן זיך געצויגן דורך דער ראַטווירט־גאַס — אַהיים. דער פינצטערער וועג איז פון פאַרמעסט און חשק ליכטיקער געוואָרן און לייכטער זיינען געוואָרן די טריט. מ׳מוז אַ פּאָר שעה דורכדרעמלען איידער די הענער רופן צוריק צו דער אַרבעט.

אַרום בערטשיקן האָבן זיך אַרומגערינגלט די יינגסטע, די קרעפּ־טיקסטע, די בויער פון אַ נייער וועלט, פון אַ נייער צוקונפט.

ער האָט געקוקט אויף זיי ווי אַ שולדיקער אין אַ פאַרברעכן, וואָס ער איז נישט באַגאַנגען. ער האָט געקוקט אויף זיי מיט פאַרדרוס און אַכ־טונג, מיט ליבע און אייפערזוכט, ווי קיינמאָל פריער אין זיין לעבן.

ווען מען צעעפנט זיין צעווייטיקט האַרץ, וואָלט מען דערזען ווי ער וואָלט אַוועקגעגעבן אַ שטיק פון זיין „איך״, פון זיין „זיין״, פון זיין לעבן צו זיין היינט אַ סאָוועטישער בירגער.

# 7

## טראַדיציע

(פון דער סעריע „ביראָבידזשאַן״)

די מילד־וואַרעמע זון האָט ליבלעך און חבריש געשמייכלט, געגריסט דעם אָנקומענדיקן פרילינג. אַלעמענס הערצער האָט אָנגעפילט איין יום־טובדיקע, קעמפנדיקע שטימונג. אין דעם ראַטווירט סטאַלינפעלד האָבן קליין און גרויס, אַלט און יונג, אַלע מיט אָפענע אָרעמס, מיטן גרעסטן אומגעדולד געוואַרט אויפצונעמען דעם טייערן גאַסט, דעם פרילינג.

ס׳איז געווען אַרום פסח־צייט. די שטאַרק פאַרקלאַפּטע פענצטער זיי־נען אָפּגעלייזט געוואָרן, די טירן פונאַנדערגעעפנט און דער געשפּרעך

פון אינעווייניק און דרויסן, איז נאָר געווען: פרילינג! פּאַרזיי! פרילינג!

דער געשפּרעך האָט זיך געצויגן נישט אויף דעם אַלטן, טראַדיציאָ־נעלן פּסח, ניט פון זיינע רעליגיעזע, איינגעוואָרצלטע נאַרישקייטן, ווי מצות, ארבע כוסות, הגדה, נאָר וועגן דעם קומענדיקן פּערטן באָלשעוויסטישן פּאַרזיי, שלאָגלעריש צו רעמאָנטירן די טראַקטאָרס, צורעכטמאַכן די וועגן, גוט אָנהאָדעווען די פערד, פאַרריכטן די וועגענער, אָנגרייטן די הייזער צו וואוינען, עסצימערן, רויטע ווינקלען און שפּייז פאַר די בויער, פאַר די האַרעפּאַשניקעס, וועלכע פאָרן באַלד אַרויס אויפוועקן די פאַרפראָרענע ערד פון איר ווינטער לעטאַרגיע, און זיך אַריינרייסן מיט אייזערנע הענט און ציינער צו שאַפן דאָס נייטיקסטע פאַרן בוי פון סאָציאַליזם — ברויט.

אונטער די האַרטע, ווייסע, גלאַט־מאַרמאָרנע וועגן פונעם באַיקאַל, האָבן זיך אָנגעפּאַנגען ווייזן זיגזאַגישע טונקעלע אָדערן, וואָס די שפּילעוודיקע פרילינג־זון האָט ווי ספּעציעל דורכגעוואַרעמט און האָבן זיך וואויליונגעריש אָפּגעלאָזן, און ווייסע זילבערנע וואַסער־פּאַסן האָבן זיך געצויגן אַזוי מאַיעסטעטיש, שטאָלץ און באָלשעוויסטיש.

אויפן גאַס לעבן „פּאַרטקאָם" (פּאַרטיי־קאָמיטעט) האָבן זיך צוגעשלעפּט אַ פּאָר שטאָלענע העלפאַנטן — רעמאָנטירטע טראַקטאָרן — וואָס האָבן מיט זייערע ריזן־פּיס אַזוי דערמוטיקט די געמיטער פון די איינוואָנדערנדיקע האַרעפּאַשניקעס, אַז קיין אַנדער זאַך איז גאָר ביי קיינעם אין געדאַנק נישט געקומען ווי, אַרבעט, פרייהייט, יום־טוב, פרילינג, גליק און ליכט.

אַ כאַפּטע יונגע יאַטן־טראַקטאָריסטן האָבן אָנגעפילט אַ גרויסן טראָקלאַנגע הילצערנע בענק און זיינען געפאָרן שטייענדיק, צו מאַכן אָרדענונג אויף די פעלדער פאַר די אָנקומענדיקע בויער פאַרן פערטן באָלשעוויסטישן פּאַרזיי. זיי האָבן איצט געקראָגן זייערע לעצטע פאָראָרדענונגען פונם „זאַוואָכאָז" (פאַרוואַלטער פון ראַטווירט) און האָבן וואַרטנדיק געזונגען דעם בודיאָני מאַרש, מיט דער שטימונג פון אַ זיגרייכער אַרמיי . . .

ווען זיי האָבן אָפּגעשטעלט זייער מאַרש האָט זיך, ווי אַ חלום פון דערווייטנס, געהערט אַ שטילער, הייזעריקער פּייפן פון די איינגעפראָרענע שיפן, וואָס רייבן זיך די אויגן, גרייטן זיך אָנצוהייבן העלפן דער גרויסער הייליקער אַרבעט.

דער דירעקטאָר גאָרין האָט מיט אַן עכט ליטווישן רוסיש חבריש און פּאַטערלעך אַריינגעשריבן די לעצטע פּאַראַדענונגען און פּיבעריש געוואָרפן די הענט אויף דעם נײַנציק קילאָמעטער מהלך, וואו זיי דאַרפן פאָרן, ווי דאָס וואָלט געווען לעבן זיין נאָז. געטונקט אַ קליין צעבראָ־כענעם בלייפעדער אין מויל און עפּעס געשריבן מיט אומגעלומפּערטע בוכשטאַבן אין אַ קליין צעקנייטשט ביכעלע.

דערפרישונג און דערוואַרטונג האָט זיך געפילט אין יעדן ווינקעלע.

פרייהייט, יום־טוב, זון, וואַרעמקייט, זאָרגלאָזיקייט האָט זיך געפילט אין די ערשטע ווייסע געביידעס פון „ראַבקאָם” (אַרבעטער־קאָמיטעט), ביז די לעצטע צוויי נייע צוויי־עטאַזשיקע הייזער, וואָס ווערן איצט אויסגעפּוצט. די הייזער זיינען די לעצטע סוף גאַס פון ראַטווירט.

דער דירעקטאָר גאָרין, פאַר ווען דעם 24־שעהיקער מעת־לעת האָט נישט געקלעקט אַפּצואַווישן ריכטיק דאָס מויל פון פּרישטיק ביז וועט־שערע, האָט אויף זיין מויל און וואַנצעס געטראָגן אַ גאַנצע לאַסט פון אַגריקולטור, איבער וואָס די לעבעדיקע יאַטן האָבן חבריש זיך געוויצלט מיט אים.

— „אַ גרויסע גערעטעניש דעם יאָר, נישט ריכטיק, חבר גאָרין?”

עפנט פונאַנדער דאָס מויל אַן אוקראַאינער טראַקטאָריסט.

— „געוועזן אָדער וועט זיין?” — לאַכט קינדיש וואָלאָדיע, דער שלאָג־לער פון די טראַקטאָריסטן.

— „לא היה ולא נברא”, ניט געוועזן און ניט זיין, נאָר ס'איז איצט”, — שרייט אויף אַלע באַקציינער יאָסל, אַ מיטליאָריקער פּאַלעסטינער חלוץ, אַ בוכהאַלטער, וועלכער איז מיט ניין חדשים צוריק געקומען פון דעם באַלפור־בלאָף מדינה.

אַלע קוקן אויף דער גערעטעניש פון גאָרינס מויל און וואַנצעס. דער דירעקטאָר קוקט אויף זיי און לאַכט מיט.

— „אַז לאַכן, לאָמיר אַלע איינינעם לאַכן”.

— „פּאַיעכאַלי” (אָפּפאָרן), — שרייט אויס איינער מיט אַ קלאַפּ אויף דער פּלייצע דעם טרייבער. אַ פאָר פייף פונעם טרייבל און ווידער מאַרש בודאַני: טאַ־לאַ־לאַ־לאַ, לאַ־לאַ־לאַ־לאַ . . . און דער טראַק איז אוועקגעפאָרן. ביסלעכווייז שטילן זיך איין די פריילעכע שטימען פון די בויער און זיגער.

דער דירעקטאָר גאָרין איז געזעסן אין צימער פון „זאַווכאָז” און

אויפגענומען די ארייַנקומענדיקע צו אים, ערנסט באַטראַכט יעדן פּאַק־לינג און גיך זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיט אַ פּאָר מאָל אויפהייבן דעם שטערן, וואָס איז געווען פאַרשטעלט מיט די צוויי פינגער פון דער רעכטער האַנט פון באַק צו באַק.

ס'איז שוין געווען זעקס אַזייגער. אַלע הייזער און קאַנטאָרן פון ראַט־ווירט זיינען ליידיק געווען. אַלע זיינען געזעסן אין עסצימער, נאָר איין גאָרין האָט זיך נאָך אַלץ נישט געקענט אָפּרייסן, איינער אַרויס און אַן אַנדערער אַריין. אויף אַ פּאָר מינוט איז שטיל געוואָרן. ער שרייבט נאָר אַריין אין ביכל דאָס נייטיקסטע און גייט אויף „אָנפילן דעם שפּייכ־לער", ווי ער פלעגט רופן — אָפּעסן, ווען ער פלעגט קיין צייט נישט האָבן צו גיין עסן.

די ברייט פונאַנדערגעעפנטע טיר פונעם קאַנטאָר האָט זיך נאָך נישט איינגאַנצן פאַרמאַכט פונעם לעצטן באַזוכער, ווי זי האָט זיך ווידער פונאַנדערגעעפנט און דער „אַלטער לעווין", אַ ליטווישער איבערוואַנ־דערער, איז אַריינגעקומען. מ'האָט אים גערופן דער „אַלטער לעווין, כאָטש ער האָט נאָר־וואָס אָראָפּגעפּטרט 47 ווינטערן, נאָר דער אייבי־קער גלות, יאָרן אין צאַרישן רוסלאַנד און ערשט די פאַשיסטישע ליטע, האָט אין אים אַריינגעקריצט יאָרן נישט קיין אויסגעלעבטע, און אַ קוק טאָן אויף זיין פּנים און סטרוקטור, האָט מען אים נישט געקאָרגט נאָך אַ פּאָר פערטל זמנים.

ער איז געגאַנגען אין עקס שוואַרצע וואַליקעס און קאַלאָשן, וואָס האָבן זיך געבעטן אויף וואַקאַציע. פון זיין ווינטער־היטל, וואָס ער האָט געהאַלטן אין האַנט, האָט געשלאָגן אַ מילדע פּאַרע ווי פון דער נייער, נאָרוואָס אויסגעבויטער באָד פון ראַטווירט. זיין קאָפּ איז געווען גלאַט, ווי די ווינטער־וועגן איבער אַמור, נאָר אויף אַלע פיר קאַנטן זיינען געלעגן איינציקע פעדערמלער, ווי ווייזער אין אַ קאַמפּאַס. דאָס אַלץ איז אים געבליבן, און „דאָס וואָלט אויך נישט געווען מיינע, ווען איך בלייב אין ליטע", פלעגט ער זאָגן ווען חברה יאָטן פלעגן ביי יעדער געלעגנהייט שטיפנדיק שטופּן דעם אַלטן לעווין אַ גרויסע קאָם.

— „פאַרקעמט זיך די האָר, חבר לעווין ! — און לעווין פלעגט ווי אַ געהאַכזאָמטע קאַקעטקע נעמען פון זיי די קאָם און קעמען זיינע פיר ווייזערלעך פונעם קאַמפּאַס.

הייבט ער אויף די אויגן אויף סטאַלינס בילד, וואָס פאַרנעמט אַ האַל־

בע וואַנט אין צענטער, וואָס איז באַצירט מיט אַ סלאָגאַן פון גרויסע בוכשטאַבן: „מי טשוזאַי זעמלי ניע כאָטים, נאַ סוואָיעוואָ פּיאַטנאַ ניע אָטדאַדים" (מיר ווילן נישט קיין פרעמד לאַנד, נאָר מיר וועלן אונדזערס קיין ברעקל נישט אָפּגעבן). ער לייענט דורך דעם סלאָגאַן און רוקט זיך פּאַמעלעך צום דירעקטאָר, חבר גאָרין.

— „זדראַסטוואָיעטע טאָוואַרישטש גאָרין!"

— „וואָס וועט איר זאָגן, חבר לעווין?"

לעווין פּאָרט ווידער אַרום מיט זיינע אויגן אויף אַלע פיר ווענט, ענטפערט נישט נישט גלייך, ווי שעמענדיק זיך אים קוקן גלייך אין די אויגן.

— „וואָס פאַרלאַנגט איר, חבר לעווין? — זאָגט גאָרין אַביסעלע קרעפּטיקער ווי דאָס ערשטע מאָל.

— „איד", — האָט ער אויסגעצויגן, — וואַ־ל־ט אַ־ייִ־ד וועלן וואָס בעטן".

— „זאָגט," — האָט גאָרין מער באַפעלנדיק געזאָגט, — „שעמט זיך ניט, האָט נישט קיין מורא!"

ער האָט זיך אויפגעשטעלט, נעענטער צו צו אים אַזוי, אַז די פּאַרע פון לעווינס היטל האָט זיך פאַרייניקט מיט דער פּאַרע פון זיין איינגעדרייט שטיקל „עמעס" מיט מאַכאָרקע אוןביידנס פּאַרע האָבן זיך ווי פאַר די הענט אַנגענומען.

— „זייט שוין נישט קיין סלאָבאָדקער ישיבה־בחור, דאָ איז פּססר און איר זייט אין ביראָבידזשאַן". ער האָט דאָס לעצטע נישט פאַרענדיקט, — זאָגט וואָס איר ווילט!"

לעווינס פּנים האָט אויסגעקוקט ווי דאָס פּנים פון אַ חדר־ייִנגל, וועלכער איז געקומען דעם ערשטן מאָל צום רבין ער זאָל אים פאַרהערן. זיין קערפּער האָט זיך געטרייסלט, איבערנעמענדיק די צעפּאַרעטע היטל פון איין האַנט אין דער צווייטער, אַריינכאַפּנדיק אין די אַנטראַקטן אַ וויש מיטן אַרבל איבערן גאַנצן לענג פון זיין קליין שיטער מאָנגאָליש בערדל.

— „מאָרגן אַ־אַ־ייִ־ן

— „וואָס איז מאָרגן?"

— „מאָרגן איז פּסח".

— „זייער גוט, חבר לעווין, טאָ וואָס איז?"

— „וואָלט איך וועלן, איך מיין מיין יידענע וויל, אַביסל ווייסע מ־...״
ביי דעם לעצטן וואָרט האָט ער זיך אָנגעהויבן ווי שטיקן און ער וואָלט מער קיין וואָרט נישט געזאָגט, פאַר אַ גאַנצע פּאָר נייע שטיוול, מיט אַ קאָרב — ווייסע פוכקע מצות צוזאַמען.

— „נו, טאַ, וואָס איז אַז מאָרגן איז פסח? ביי אונדז אין סאָוועטן־פאַרבאַנד פּאָנימאַיעטע (פאַרשטייט), — (דאָס פלעגט ער מוזן זאָגן אין יעדן זאַץ, צי פּריוואַט אָדער אויף אַ פאַרזאַמלונג און איבעראַל), ווייס מען נישט פון די אַלטע אויסגעדראָשענע יום־טובים. מיר האָבן אונד־זערע יום־טובים. מיר האָבן אונדזערע יום־טובים, חבר לעווין, פּאָני־מאַיעטיע? פינף טעג אַרבעטן מיר און דער זעקסטער טאָג איז שבת, און יום־טובים האָבן מיר אונדזערע און גאַנץ גענוג, פּאָנימאַיעטיע?״

— „איך האָב״ . . . — האָט לעווין צעצויגן „געוואָלט צוגיין צו מאָר־דאָכאָוויטשן (דער סעקרעטאַר פון דער קאָמפּאַרטיי). ער איז אַ גאַנץ פיינער שייגעץ, נאָר דאָך אַש — — — האָב איך באַשלאָסן צו גיין צו אייך; מיט אייך וועל איך בעסער קאָנען רעדן. אָבער גלויבט מיר, ס'איז מיר זייער שווער אייך דאָס צו בעטן״.

גאָרין האָט מיט זיין וויזפינגער זיך געריבן און געגלעט עטלעכע מאָל איבער זיין מאָרדע און זיך צוגעגרייט אַזוי, ווי ער וואָלט דאַרפן געבן צו דערקלערן אַ וויכטיקן ענין צו אַ מינדעריעריקן יינגל, וועמען ס'איז שווער צו באַנעמען זאַכן, וואָס נאָר דערוואַקסענע זיינען איינגע־פלאָנטערט.

— „פּאָנימאַיעטיע, מיר וואונדערט אויף אייך, חבר לעווין. איר גע־דענקט ווי מיט עטלעכע וואָכן צוריק איז אונדז שווער געווען צו קריגן ברויט, צוליב דעם וואָס די מיל איז קאַליע געוואָרן, איז אַ פּאָר טעג גע־ווען פּאַסקודנע, פּאָנימאַיעטיע? איצט אַז ס'איז פאַראַן מעל אויף ברויט, איר באַקומט אַ גאַנצן „פּאַיאָק״ (פּאָרציע), ווילט איר איצט ווייס מעל. וואו זאָלן מיר פאַר אייך נעמען איצט ווייס מעל אויף מצה? זאָל מען דאָס ביסל ווייסע מעל געבן אייך אויף מצה, אָדער זאָל עס זיין פאַר די קינדער און קראַנקע?״

ער האָט מיט לעווינען אַריינגעטענהט אַ צען מינוט, נישט אויסלאָזנ־דיק אַ פּאָר טוצן „פּאָנימאַיעטיע״ און פאַרזיכערט דעם אַלטן האָרעפּאָש־ניק, אַז ער ווייס ווי ער פילט דעם ערשטן מאָל איז לעבן צו עסן חמץ און ווי שווער ס'איז אים זיך אָפּצוטרייסלען און באַפרייען זיך פון די

אַלטע טראַדיציעס, און צוגעלייגט, אַז עס איז אויך דאָס ערשטע מאָל אין לעבן וואָס ער איז אין אַ לאַנד, אַ פֿרייע, אַ גלותלאָזע און אייגענע.

לעווין האָט יעדעס מאָל ווען גאָרין האָט זיך אָפּגעשטעלט, אים אַריינ־געקוקט גלייך אין די אויגן און מיט אַ פֿריינטלעכן חברישן אויסדרוק, מיט אַ האַלב מויל געזאָגט, „אמת”. געדרייט דאָס היטל פֿון האַנט צו האַנט, זיך געריבן מיטן אַרבל דאָס פּנים און צוגעשאָקלט: „אמת, אמת, גערעכט, גערעכט . . .”

— „אַלזאָ, גייט און זאָגט אייער אַלטע, וואָס איך האָב אייך געזאָגט, פּאַנימאַיעטיע? האָט נישט מורא, איר זייט נישט אין דער צאַרישער רוסלאַנד, איר זייט אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, אין ביראָבידזשאַן, אין אַן אייגענער היים”.

לעווינס האַרטע האַנט האָט זיך אַריינגעפֿלאָכטן אין זיינער, און האַלטנדיק די ווייכע האַנט פֿון דירעקטאָר האָט ער עטלעכע מאָל ווי־דערהאָלט: „אמת, אמת, גערעכט, גערעכט” און צוגייענדיק צום אַרויס־גאַנג, האָט זיך ווי נישט פֿון זיין אייגענעם מויל אַרויסגעצויגן אַ פּאָר פֿאַרשטיקטע ווערטער: „מאָרגן איז פּסח . . . מצה . . . ”

צערטלעכע פֿאָסן פֿרילינג־זון האָבן זיך אַריינגעריסן דורך די גרויסע אָפֿענע פֿענצטער פֿון דער „סטאָלאָוואַ” (עסצימער) און זיך אויסגע־לייגט ווי שטיקער פֿאָסן גאָלד אויף די לאַנגע טישן און בענק, זיך דורכגעשטופּט צווישן די האַרעפּאַשניקעס, געגלעט און געוואָרעמט זייערע פּלייצעס. די געמיטער ביי אַלעמען זיינען געווען יום־טובדיק, פֿריש, צערטלעך. דער נייער דערוואַרטעטער גאַסט האָט דורכגע־וואַרעמט דעם גאַנצן קערפּער, יעדן ביינדל פֿון אָדער ביז אָדער.

די ווענט פֿונעם גרויסן עסצימער זיינען געווען באַהאַנגען מיט פּלאַ־קאַטן פֿון טראַקטאָרן, לאָזונגען אַלערליי, און אין רעכטן מיטן איז גע־ווען אָנגעקלעפּט אַ וואַנטצייטונג, אַרום וועלכער חבֿרה איז געשטאַנען און געלייענט. אייניקע האָבן ציטירט זאַצן, יעדער אַרטיקל האָט געהאַט אַ לאָקאַלן כאַראַקטער, מערסטנס וועגן אַרבעט, שניט, פּאַרזיי; וועגן די רעמאָנטן פֿון די טראַקטאָרן; וועגן דער נישט־פֿאַרענדיקטער פֿיר־עטאַזשיקער געביידע פֿון טעכניקום, וואָס האָט זיך געמוזט אָפּשטעלן צוליב נישט גענוג הענט און מאַטעריאַל. לעבעדיקער ווי אויף אַלץ האָבן זיך די יאַטישע אויגן געוואָרפֿן אויף אַ צעטל פֿון די „אַרונטערייסער”, אויף אַ שוואַרצן גרונט, און קעגנאַיבער, די שלאָגלער, די בויער — אויף

א רויטן גרונט. חברה האט פונאנדערגענומען כמעט יעדן איינציקן, אים אין זייערע געדאנקען אויסגעצויגן אויף דער גאנצער לענג אויפן טיש און געשמיסן . . . איבערהויפט ווען איינער פון די פארצייכנטע האט זיך באוויזן פערזענלעך.

די לעצטע האבן זיך אויף שנעל אפגעטראגן. איינציקע מיט שולדי־קייט, ווי פון אן אייגענעם בר־מנן.

דער גאנצער רעסטאָראַן איז ווי אײן גרויסע משפחה געזעסן ארום די טישן און גאנץ זאַרגלאָז געגעסן די געוויינלעכע פּאַרציע שוואַרצן ברויט מיט א בלעכענער שיסל זופּ, א היפּשע פּאַרציע געקאַכטע פיש און א טעפּל טיי, דעם געוויינלעכן מיטיק פון יעדן וואָכנטאָג. ס׳האָט זיך מיט קיין זאך נישט אויסגעצייכנט פון די אַלע אנדערע טעג פון יאָר. א חוץ דעם וואָס יעדער אָנקום פון פרילינג און די שלאָגלערישקייט פון פאַרריכטן די טראַקטאָרס און צוגרייטן דעם פעלד באַלשעוויסטישן פאַרזיי, האָט זיך דער פּסח, דער טראַדיציאָנעלער פּסח, דורך קיין שפּאַלט נישט געקאָנט אריינקריכן, און ווען נישט די פיר „קשיות״, וואָס דער לץ, קולטור־דירעקטאָר, האָט אנגעשריבן אויפן וואַנטצייטונג, וואו ער פרעגט:

— „ווען וועלן שוין די אַרונטעררייסער קומען צום זינען און זיך פאַרקאַטשען די אַרבל און אָנהייבן אַרבעטן?״

— „ווען וועט שוין דער דירעקטאָר אַרומגיין מיט טרוקענע וואָנצעס נאָכן עסן און אויפהערן זיין „פּאַנימאַיעטיע״ ביי יעדער פּראַזע?״

— „ווען וועט מען שוין האָבן גענוג טעלער און לעפל, אז ס׳זאָל זיך נישט גלוסטן נאָכשלעפּן נאָך זיך אזא שטיקל געצייג אַהיים?״

און די לעצטע קשיא איז:

— „ווען וועט שוין דער ליטווישער פאַריקמאַכער קריגן א גוטן רימען אָנצושאַרפן זיין ראַזירמעסער, מ׳זאָל נישט דאַרפן נעמען אנעסטעטיק ווי צו אן ערנסטער אָפּעראַציע?״

יאָ, דאָס זיינען געווען ערנסטע קשיות פון א גאַנץ יאָר און ווען נישט דאָס וואָלטן זיי דעם פּסח אין דער לינקער וואָליק נישט געהאָט.

דער אַלטער לעווין האָט אויך נישט־ווילנדיק אריינגעבראַכט עפּעס עטלעכע פּסחדיקע מיקראָבעלעך צווישן איינציקע, אזוי אז ביי איינציקע האָט פּסח פאַרנומען א שטיקעלע פּלאַץ צווישן די אַנדערע ערנסטע פראַגן פון דער צייט.

חבר סלאָנימסקי, דער רעדאַקטאָר פונעם „דריטן באָלשעוויסטישן פּאַרזיי", אַ קליינע צייטונג אַרויסגעגעבן ספּעציעל פאַר די קאָלווירט־אַרבעטער צו יעדן יאָר פון פאַרזיי, פון ביראָבידזשאַנער ראַטווירט, צוזאַמען מיט דעם דירעקטאָר גאַרין, וועמען דער לעצטער האָט דערציילט וועגן דעם פאַרלאַנג פונעם אַלטן לעווין, ווי אַפּגערעדט, ווי אַלטע דאָקטוירים, וועלכע ווילן נישט נאָר העלפן דעם קראַנקן, נאָר אויך וואָס עס איז לערנען פון דער קראַנקהייט, זיצן זיי און באַאָבאַכטן דעם אַלטן לעוויז, ווי אַזוי דער ערשטער המץ ווירקט אויף זיינע נאָענט צו פינף צענדליק כשרע פסחס. דאָס איז געטאָן געוואָרן מיט פיל טאַקט. יעדער בליק פון זייער זייט איז געווען אַן אַריינגעגנבעטער, פון זיין זייט אומבאַמערקט. פאַר זייטיקע, וועלכער האָבן נישט געוואוסט פון לעווינס פסחדיקע פאַרלאַנגען, וואָלט זיין היינטיקער באַנעמען זיך ביים טיש, נישט באַוויזן קיין אויסערגעוויינלעכקייט, נאָר ביים חבר גאַרין און סלאָנימסקין, וועלכע האָבן זיך געגומען גריבלען אין נשמה־דורכלעבעניש און געוואָלט וואָס לערנען דערפון, האָט לעווינס באַנעמען זיך ביים פריילעכן ברויט יאָ געמאַכט עפּעס אַן אונטערשייד.

דעם צווייטן טאָג איז לעווין געווען מונטערער און נאַטירלעכער ווי דעם ערשטן טאָג. דעם דריטן טאָג כמעט אומבאַמערקבאַר און ביז דעם לעצן טאָג האָבן זיי זיך אַליין געוואונדערט פון זיין באַנעמען זיך.

דורך דער וואָד האָט דער קולטור־דירעקטאָר געהאַט אַ שמועס מיט די איינוואַנדערער פון ביראָבידזשאַנער ראַטווירט וועגן דעם טראַדיציאָנעלן, אָפּגעלעבטן פסח און האָט אויפגעוויזן דעם אומזין פון אַזעלכע פאַרשימלטע מינהגים לגבי דער גרויסער אַרבעט פון אויפבויען סאָציאַליזם אויף אַ זעקסטטייל פון דער וועלט.

לעווין אַליין האָט אויך צוגעטראָגן זיין אויער צו דער לעבעדיקער דיסקוסיע און האָט אַפילו געשטעלט אַ גאַנץ אידעאָלאָגישע פראַגע.

דער לעצטער טאָג פּסח איז אויסגעפאַלן אין אַ „ווייכאַדנאָיע" (רו־טאָג, אָנשטאָט זונטיק, יעדן פינפטן טאָג). די אַרבעטער האָבן זיך אָנגעטאָן אין די בעסטע קליידער און טראַקטירט זייערע פאַרמאַזאָלעטע הענט מיט אַ יום־טובדיקער רייניקונג. רעדלעך־ווייז האָבן זיי אינדרויסן פאַרענדיקט די אָנגעפאַנגענע שמועסן פון דער סטאָלאָווע.

די שלאָגלער זיינען אַריינגעלאָפן און געכאַפּט אַ ביים שטייענדיקער־הייט, געלאָפן גלייך צוריק צו דער אַרבעט, מיטן באַוואוסטזיין, אַז די

ערד קאָן נישט וואַרטן. עטלעכע טראַקטאָרס און „נאָכשלעפּערס" (וועגענער וואָס זיינען צוגעטשעפּעט צום טראַקטאָר) זיינען נאָכגעפאָרן מיט זאַרגלאַזע, אַפּגעגעסענע האַרפּאַשניקעס־„סובאָטניקעס" (אַרבעטער וועלכע אַרבעטן אין רו־טאָג). דער אַלטער לעווין האָט זיך געטוליעט צו דעם אַמעריקאַנער.

— „וואָס מאַכט איר, חבר לעווין? — האָט חבריש אים אויסגעשטרעקט די האַנט דער דירעקטאָר גאַרין. — „קומט, איך וועל מיט אייך וואָס רעדן".

לעווין האָט ווי אַ שעמעוודיק יינגל זיך אַנטשולדיקט פאַרן אַמעריקאַנער און איז צוגעגאַנגען צו חבר גאַרין.

— „זאָגט מיר, איך בעט אייך, חבר לעווין, און פאַרשטייט, אַז איך מיין זיך חלילה נישט שפּילן מיט אייערע געפילן. ווי אַן אייגענער ברודער פרעג איך אייך, זאָגט מיר, ווי האָט זיך געחמצט דער פּסח און וואָס דענקט איר וועגן דעם?"

לעווינס פאַרנעפּלטע גלות־אויגן זיינען ברייטער געוואָרן און ליכטיקער. ער האָט זיך ווי געצוואונגען אויפצוהויבן זיי אויף דעם דירעקטאָר, וועלכער האָט אים שוין געהאַלטן געאַרעמט ווי אַ מחותן אין די ערשטע האַניק־טעג.

— „איך שעם זיך, גלויבט מיר, אייך אין די אויגן צו קוקן. פאַרגעסן שוין באַלד וועגן דעם. אָך! ווי נאַריש און אומוויכטיק עס איז די גאַנצע פּסח־געוואוינהייט! איבערהויפּט דאָ, ווען מען דאַרף טראַקטאָרס פאַריכטן, הייזער בויען, צורעכט מאַכן וועגן, אַקער און אייזן. ווען מען דאַרף אַזעלכע אַרבעטן טאָן פאַר זיך, פאַר מיין לאַנד, פאַר מיין פרייהייט, פאַר אונדזער אַלעמענס צוקונפט! איך שעם זיך, גלויבט מיר, אייך אין די אויגן קוקן. אַלזאָ, זאָל נאָר ברויט צו דער זעט זיין, ווי מ'קאָן אויסקומען אָן מצה".

מאַטקע, דער קאָוונער דרוקער, איז אָנגעקומען מיט אַ פּעקל פרישאָפּגעדרוקטע בלעטלעך, „דער דריטער באַלשעוויסטישער פאַרזיי" און דערלאַנגט צוויי ציטונגען צו די פאַר אָנגעשטעלט העגט פון דירעקטאָר און לעווינען. זיי האָבן זיך ביידע אָפּגעשטעלט און גאַרין האָט זיך אַ פּאָר מאָל געריבן די אויגן פון דער ליכטיקער, עקשנותדיקער זון, וואָס האָט אים פאַרבלענדט, און ער האָט געלייענט:

— „קולטורעל באַדינען די אַרבעטער אין צייט פון פאַרזיי".

— „באַגלייך מיט דעם ווי מען פירט אַריבער אויף אַלע דריי באַצירקן די אויסגעמאַטערטע טראַקטאָרס, מאַשינען, זריעה, פערד, זועגענער צום פּאַרזיי, דאַרף מען אויך נישט פאַרגעסן באַצייטנס איינאָרדענען די קול־טורעלע באַדינגונגען פון די אַרבעטער".

— „אויף אַלע באַצירקן מוזן איינגעאָרדנט ווערן לעניןֿ־ווינקלען, באַ־וועגלעכע ביבליאָטעקן. מ'מוז דורכפירן שמועסן, לעזונגען, פּאַרטראַגן, א.אַז.וו. דאָס אַלץ וועט מיטהעלפן בעסער און שלאָגלערישער דורכ־צופירן דעם פּאַרזיי".

לעווין פאָלגט נאָך יעדעס וואָרט און ווען גאָרין ענדיקט, קוקט ער אים טיף אַריין אין די אויגן:

— „הלוואַי זאָל נאָר זיין ברויט! אַ נאַרישקייט, אַ געוואוינהייט. ווען מען דאַרף אַזעלכע נייטיקע אַרבעטן טאָן זאָל מען ריידן וועגן מצה."

עטלעכע פורן זיינען פאַרבייגעפאָרן מיט זעק מעל צו דער בעקעריי. די גלעקלעך פון דער אָנקומענדיקער פּאָטשט פון טיכאָנקע האָבן זיך דערהערט. וואָס האָבן וואָס ווייטער אַלץ הילכיקער, קלינגענדיקער זיך געלאָזט הערן מיט דער בשורה, אַז זיי ברענגען בריוו, גרוסן, צייטונ־גען און מאַטעריאַל צו בויען, פאַר די האָרעפּאַשניקעס, פאַר די בויער פון אַ נייער וועלט.

די אַרבעטער האָבן זיך געלאָזט פון אַלע זייטן אין דער ריכטונג צו דער פּאָטשט. די זון איז זיי אויך נאָכגעגאַנגען, ווי מיטגעהאָלפן זיי אין דער גאָלדענער פרילינג־שטימונג, שלאָגלעריש און באָלשעוויסטיש דורכפירן זייער וואונטש, איינצונעמען די דורכגעפּראָרענע, פּאַרהאַר־טעוועטע טאָיגע.

צוויי הענט האָבן זיך געדריקט. די האַרטע האַנט פון דעם האָרע־פּאַשניק לעווין און די ווייכע, וואַרעמע האַנט פונעם דירעקטאָר גאָרין.

— „אַ גוטע נאַכט, חבר לעווין!"

— „אַ גוטן, חבר גאָרין, נאַרישקייט, דומהייט, דערמאָנט מיר עס נישט מער. מ'קאָן אויסקומען אָן דעם! ברויט זאָל נאָר זיין צו דער זעט! ווי זאָגט איר, די ערד וואָרט נישט!..."

# 8

## ימים־נוראים אין ביראָבידזשאַן

(דערינערונגען פון אַ סאָווכאָז אין 1932)

די בלויע, טיפע הימלען האָבן אָפּגעזיום־טובֿט די יולי און אויגוסט הייסע זומער־חדשים ווי חתן־כּלה נאָך די האָניק־טעג. האָבן אָנגעהויבן זיך דורכריידן וועגן צוקונפֿט, וועגן תּכלית.

סעפּטעמבער איז געקומען. גרויער און טונקעלער זיינען די הימלען געוואָרן. די טעג עטוואָס קירצער און די נעכט לענגער; דער געמיט שווערער און לאַנגווייליקער פון די סענטימענטאַלע דערמאָנונגען פון די היימישע, ליטווישע, טומלדיקע, שמייענדיקע פּירכטיקע ימים־נוראים־טעג.

עקשנותדיקע, ניי־געבוירענע האַרבסט־ווינטן רייסן און שטופּן זיך אין די שפּאַלטן פון שוואַכע טיר־ און פענצטער פון די אַלגעמיינע פּיל־פאַמיליע געביידעס, וואָס זיינען האַלב טאַנדעט, איילנדיק אויפגעבויט, צוזאַמענגעקלאַפּט מיט דער האָפענונג בעסער און שענער עס מאַכן, ווען דער ערשטער אָנקום פון די איינוואַנדערער וועלן זיך איינאָרדענען און די ניי־אָנגעקומענע „הענט" וועלן צולייגן אַ פּלייצע, מי און פּראַצע, די ריכטיקע געביידעס אויפצושטעלן.

דערווייל גרילצן, קרעכצן פענצטער, טיר און דאַך, ווי פרויען וועלכע גייען צו קינד, אָדער ווי פאַרעלטערטע, אָפּגעלעבטע, אויסגעאַרבעטע קרעכצן און אָטעמען שווער נאָך אַ ביסל פרישע לופט, דורכשפּאַנען די גאַס, אָדער זיך אויסציען אויפן געלעגער זיך אָפּצורוען.

עפּעס איז היינט מער טומלדיק אינעם אויפנאַם־צימער. די באַאַמטע זיינען היינט פריער ווי אַלעמאָל געקומען, אָבער אַ דאַנק דעם שלאָקס־רעגן איבער די סטעפּעס פון דער טאַיגע האָט די באַן מיט די ניי־אָנגעקומענע פאַרטיע איינוואַנדערער פאַרשפּעטיקט אויף עטלעכע שעה. האָבן די באַאַמטע געהאַט גענוג צייט צוצוגרייטן די אויפנאַמע פון עטלעכע און פערציק ליטווישע יידן פון זיבעצן פאַמיליעס.

זאַכאַר וויגאָדסקי, דער פאַרוואַלטער פונעם סאָווכאָז, אַ נישט־גע־

גאַלטער און נישט־געוואַשענער, האָט געהאַלטן אַ פּעקל פּאַפּירן, לויטן אַלף־בית, געקוקט אַהין־אַהער און נאָכאַמאָל אַהער־אַהין, צו זיך אַליין אויסגערופן זייערע נעמען און ווי צו לעבעדיקע גערעדט צו זיי און באַקומען אַן ענטפער פון די פּאַפּירענע נעמען . . .

— „וואַלטן מיר כאָטש צווישן זיי געהאַט אַ פּאָר גוטע סטאָליאַרעס, מוליאַרעס, שמידן, דרוקער, פּאַרבער, אַד, ווי מען דאַרף עס איצט נייטיק!" — האָט ער זיך געווענדט צום קליינגעוויקסיקן, ברייט־פּלייציקן קאַגאַנען, וועלכער האָט די אויפגאַבע אַרונטערצונעמען די ניי־אָנגעקומענע פון דער באַן אין טיכאָנקע, און אים דערלאַנגט די פּאַפּירן.

— „גייט, די באַן איז שוין דאָ".

אַ וווייטער פּייפן פון דער באַן האָט זיך אַריינגעריסן אין די האַלבאויפגעפענטע לייכטע פענצטער און נעענטער, העכער, קוויטשענדיקער. אָט הערט מען שוין דעם האַ־האַ־האַ פונעם פּאַראָוואָז, מ׳זעט שוין דעם רויך, מ׳פילט שוין דעם ריח פון די ווייכע קוילן. דער נאַסער, לאַנגער, אויסגעמאַטערטער באַן גליטשט זיך אַריין אויף די שינעס ווי אַ לאַנגער שוואַרצע, פאַרוואַונדעטע, האַלב־טויטע שלאַנג אויפן בויך. —זיי זיינען אַלע בשלום אָנגעקומען! . . .

— „האָט געדולד, חברים," — פּרובירט דער ברייט־פּלייציקער קאַגאַן, דעם דעזשורנע פון די געקומענע, האַלב־צעטומלטע, האַלב־הונגעריקע, דורשטיקע, איבערצושרייען, וועלכער ענטפערט אַליין אויף אַלע זיינע פראַגן, פרעגט אַלץ אויף איין מאָל, וואַרט נישט אויף קיין ענטפער און הערט נאָר זיך אַליין.

דער דעזשורנער, נחמן, איז אַ נידעריק, דאַר מענטשל, מיט צוויי קאַרשן־אויגן, פלאַכע אויערן און שפּיציקער נאָז, מיט צוויי שטאַרקע ידים, וואָס זיינען אין פּראָפּאָרציע לאַנגער און קרעפטיקער ווי זיין גוף.

לעבן אים, ווי צוגעריייט פאַר אַ פאָטאָגראַפיע, שטייט זיין פרוי איטע, און ווי אַ געמאָלענע טעאַטער־דעקאָראַציע פון טרעפּ, זייערע זעקס קינדער: צוויי מיידלעך און פיר זין, פון דריי ביז דרייצן יאָר, פון אונטן אַרויף: באַסעלע, רבקהלע, זלמן, ברוך, בצלאלקע און לייבושקע. ער אַליין איז נחמן וואולף.

ער קוקט אויס ווי אַ קלעזמער, האָט הענט פון אַ שמיד, פיס פון אַ קעלנער, אָבער ער האָט אָפּגעירשנט אַ קליין בשמים־קרעמל פון זיין

אלטן קראנקן טאטן אין קאוונע, וועלכער האט אפגעהוסט א האלבן לעבן און הוסטנדיק אויסגעהויכט זיין נשמה.

די קינדערלעך האט זיך וואולף דערוואָרבן נאך דער רוסישער רעוואָלוציע, און אזוי זיך געמאטערט גאנצע פערצן יאר אין קליינעם געוועלבל, צוגעזען און צוגעהערט זיך צו די יידישע צרות, אָרעמקייט, שרעק און מורא פארן מאָרגן, ביז וואנען דער פארשטייער פון סאָוועטנפארבאנד איז געקומען אהין ווערבירן יידן, וועלכע ווילן זיך איינאָרדענען א לעבן אָן מורא און שרעק פאר מאָרגן . . .

נחמן וואולף האט זיך דורכגערעדט מיט זיין פרוי עטל און זיין עלטערן בחורל לייבעשקע און באשלאסן, אז אלץ וואס ער האט צו פארלירן איז דעם דלות, דעם קייך־הוסט וואס ער האט געירשנט פון זיין טאטן, און די בייזע צינגער פון די נישט־יידישע שכנים און האלב־פאשיסטישע, אנטיסעמיטישע נאטשאלסטווא און אנדערע אנשיקענישן, וואס זיין זיידע, טאטע און ער מיט זיין פאמיליע האבן יאר־אויס, יאר־איין דורכגעליטן, וועט ער זיך איינפאקן, מישטיינס געזאגט וואס ער האט צו פאקן, אלץ וואס ער פארמאגט, און אזוי איז ער, די פרוי און די זעקס קינדער — אכט גופים, זעכצן הענט און פיס און די באדעקעכץ אויף זייערע לייבער, און אזוי זיינען זיי געקומען אין ביראבידזשאן.

דער ערב יום־טוב האט אריינגעשפאצירט מיט דער גאנצער חוצפהדיקייט אין זייער לאנגן באראק. די ניי־אנגעקומענע האבן באלד אפגעהאלטן א פארזאמלונג אונטער דעם פארזיץ פון נחמנען און גלייך נאכן אנבייסן האבן די פרויען גענומען אויספאקן און צורעכט מאכן זייער נייע באלעבאטישקייט. זיי האבן גענומען צורעכט מאכן זייערע ווינקלען, בעטלעך, טישלעך, אלמערס און בענקלעך פאר זייערע פאמיליעס. יעדע האט צוגעשפיליעט צו איר שטיקל וואנט איבערן טישל אויסשניטן פון צייטונגען, בילדער פון דער איבערגעבליבענער משפחה אין „דער היים" און קארטלעך פון די סאוועטישע פירער און שרייבער; אויסגעשפרייט ווער וואס ס'האט פארמאגט, צוגעדעקט בעט און טיש, אפגעוואשן דעם דיל, טיר און פענצטער און דערנאך גענומען זיך צו זיך אליין.

יעדע באזונדער האט גענומען קוקן אויף אירע הענט, פינגער, געקוקט אין די אויפגעהאנגענע שפיגעלעך אויפן וואנט, זיך צורעכט געמאכט די האר, זיך פארזיכטיק געצויגן פאר די שפיצן אויערן, אויפגעהויבן

דעם קאָפּ, זיך אָנגענומען מיט צוויי פינגער פאַר דער געמבע, געגלעט דעם האַלדז, געדרייט דעם קאָפּ רעכטס, לינקס און נאָכאַמאָל אין דער הויך. אייניקע האָבן אַזוי קוקנדיק געמאַכט אַפילו אַ טראָט צוריק און אַ דריי געטאָן זיך אויף רעכטס און לינקס און ניט אַראָפּגענומען די אויגן פונעם שפּיגעלע.

די קינדער, איבערהויפּט די קלענערע, האָבן דערווייל אָנגעהויבן אָפּ־לעבן שטייענדיק מיט זייערע פיס אויף אַן ערד וואָס לויפט נישט, ווי די באַן גאַנצע צוועלף מעת־לעת פון מאָסקווע ביז טיכאָנקע.

נחמן וואולף שמייעט שוין מיט נאָך צוויי יידן, אַלס קאָמיסיע אין קאָנטאָר, זיך צוזאַמענריידן איינצואָרדענען אַ מנין אויף ראש־השנה, לויטן פאַרלאַנג פון עטלעכע עלטערע יידן און יידענעס.

זיין פרוי עטל, נאָך דעם ווי זי האָט צורעכט געמאַכט איר ביסל באַ־לעבאַטישקייט, באַזאָרגט די קינדערלעך און אויך אויף זיך אַ קוק געטאָן, איז צוזאַמען מיט נאָך איינער אַרויס אין שטעטל באַטראַכטן די גאַסן, די הייזער, די גערטנער און דעם בלויען, טיפן ווייטן הימל פון איר נייער היים טיכאָנקע, אַט דאָס נייע גאָטס וועלטל.

דערווייל האָט זיך יונגוואַרג באמת צעשפּילט, באַטראַכט וואָס ס׳טוט זיך אַרום זיי. בצאַלקע, דער עלף־יאָריקער בחורל, האָט נישט אַנדערש געוואָלט ווי קריכן אויפן אייבערשטן בעטל און מיט זיינע פיס צעדראַ־פּעט די אויגן און נאָז ביז בלוט פון זיין עלטערן ברודער לייבעשקע און זיינע אייגענע הויזן צעריסן פון אויבן ביז אַראָפּ. די גאַנצע חברה פון באַראַק האָט זיך אַ לאָז געטאָן אין דער ריכטונג צו זיי און ס׳איז געוואָרן אַן אמתע הייסע „מלחמה“. ווער ווייס וואָס ס׳וואָלט געשען ווען עטל, די מאַמע זייערע, וואָלט נישט אָנגעקומען אין צייט און אַלעמען איינ־געשטילט.

— „אַ וויטיק דער מאַמען! אַ בראָך איז צו מיר! גאָטעניו, ווי ווערט מען פּטור פון דיר!“ — שרייט זי צו בצאַלקען. — „גאָטעניו, פאַרוואָס ביזטו נישט געהרגעט געוואָרן, צערונען געוואָרן איידער כ׳האָב דיר געהאַט! גאָטעניו, אַ קלאָג צו דיר!“

— „פיו! פיו! פיו!, מיר פאַר דיר, וואָס רעד איך! נו, גענוג, גייט וואַשט זיך אַרום, אַ טויט אויף אייך! מאָרגן איז דאָך יום־טוב, וואָס רעד איך... טפו־טפו־טפו! אַז מ׳ווייסט דען וואָס מ׳רעדט! מ׳ווייסט דען וואָס מ׳זאָגט! די הויזן! מ׳קאָן דאָך פון זינען אַראָפּ!“

אינדערפרי איז דאָס שטעטל געווען עפּעס אַנדערש ווי אין אַלע פרי־מאָרגנס. אמת, די האָליץ־פאַבריק האָט געאַרבעט ווי אַלעמאָל, די שטול־פאַבריקן איז געווען טומלדיק. קרוגן מיט מילך האָט מען צוגעפירט צום קאָלווירט קראָם. די בעקערייַ האָט געאַרבעט און פון דאָרט האָט זיך געטראָגן דער באַטעמטער גערוך פונעם פרישן שוואַרצן ברויט. אין עסצימער האָט מען שוין אָפּגערייניקט די טישן פון פרישטיק און צוגע־גרייט צו מיטיק, אָבער פון דעם באַראַק אונטער דער אָנפירערשאַפט פון נחמן וואולף האָבן זיך אַ מנין מיט אַ האַלבן: נחמן, זיין ווייב עטל, דער עלטערער בחורל זייערער, לייבעשקע און נאָך עלטערע יידן און זייערע ווייבער, אויסגעוואַשענע, אויסגעלייטערטע, סטאַטעטשנע, גע־לאַסענע, מיט געמאָסטענע טריט, אָנגעטאָן דאָס בעסטע וואָס זיי פאַר־מאָגן, פאַרווייז געגאַנגען אין דער ריכטונג פון עסצימער, נישט צו עסן, נאָר צום מנין וואָס מ׳האָט פאַר זיי צוגעגרייט אין דער ביבליאָטעק, וואָס געפינט זיך גלייך ביים אַריינגאַנג פונעם גרויסן, לאַנגן צימער פון דער סטאָלאָווע (עסצימער).

די ביבליאָטעק, אַ נישט גרויסער צימער, אַרומגעקלאַפּט מיט פאָלי־צעס פאַר ביכער, די ווענט באַהאַנגען מיט פאַרשיידענע בילדער פון שרייבער און פירער פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד און אין רעכטן מיטן, איבער אַ טישל מיט אַ גרינעם טישטוך איז געהאַנגען דאָס בילד פון וולאַדימיר איליטש לענין. דער שיינער, לויכטנדיקער קאָפּ מיטן שפּיציקן בערדל, ווייכע, גרויע וואַרעמע, פאָטערלעכע אויגן, מיטן קעפּ־קע טיף כמעט איבער זיין נאָז.

נחמן וואולף, — ווער וואָלט עס גלויבן, — נחמן, וועלכער האָט געהאַט העגנט פון אַ שמיד, פיס פון אַ קעלנער און אַ פּשוטער בשמים־קרעמער, איז געשטאַנען ביים טישל, אויפגעהויבן די אויגן צו לענינס בילד און מיט גרויס התמדה און מיט אַ האַלב־וויינענדיקער זאַפטיקער שטים געדאַוונט: „מה טובו אוהליך יעקב, משכנותיך ישראל״ . . .

ער האָט מיט זיינע האַלב־פאַרוויינטע אויגן געוואָרפן זיינע בליקן אויבן־צו און זיך באַגעגנט מיט לענינס פאָטערלעכע, גוטמוטיקע אויגן, אַריבערגעוואָרפן דעם קאָפּ עטוואָס העכער, אויסגעדרייט דעם קאָפּ רעכטס און לינקס און ווידער שטיין געבליבן אויג־אויף־אויג מיט לענינען. ער זינגט מיט אַ האַרציקן ניגון, מיט ווייכע, זיידענע טענער. אַלע זאָגן נאָך מיט אים. מ׳הערט אַ שטילן שלוכצן פונעם עולם, וועלכע

קוקן אַלע אין דער זעלבער ריכטונג. ער האַלט שוין ביי „יברכך יהוה וישמרך, יאר יהוה פּניו אליך ויחנך"...

זיי נעמען נישט אַרונטער זייערע בליקן פון לענינס אויגן, און עס דוכט זיך, אַז אָט רעדט ער צו זיי, אָט עפנט זיך זיין שיין מויל און עס טראָגן זיך גאָלדענע רייד פון באַפרייאונג, פון ליבע פון מענטש־צו־מענטש, פון יושר און גערעכטיקייט...

נחמן האַלט שוין ביי „אבינו מלכנו". ווען ער קומט צו „רבונו של עולם מלא משאלות"... קען ער זיך שוין מער נישט באַהערשן און ער רוקט עטוואָס אָפּ ס'טישל, ווי נעענטער, נעענטער צו גרייכן צו דעם שיינעם בילד, צו דעם שיינעם קאָפּ, צו די שיינע, הערלעכע לענינס אויגן...

מיט אַ קרעפטיקן ניגון שרייט ער אויס און רוקט זיך צו פּנים־אל־פּנים צום בילד: „ואתה הוא מלך אל חי וקים"...

עס הערט זיך אַ שטיל־איינגעהאַלטענער געוויין. אַלעמענס אויגן, צוזאַמען מיט דעם בעל־ציבור, נחמן, ציען זיך צו דער ריכטונג פון לענינס בילד מיטן קעפּקעלע, און די שיינע פאַטערלעכע אויגן, וועלכע זיינען כמעט ווי מיט טרערן גערירטע, וועלכע האָבן צוגעזאָגט פרייהייט, מענטשנרעכט פאַר אַלע פעלקער...

פאַרוויין גייען זיי אַלע צוריק צו זיך אין באַראַק, אָפּשטעלנדיק זיך אַ ווײַלע, ווי זיי וואָלטן זוכן לענינס טריט וואָס גייט זיי נאָך אין באַראַק אריין...

# 9

## בערל דער רויטער

בערל, דער מיטליאָריקער, ברייטפּלייציקער אוקראַינער, איז געווען דער איינציקער רויטער ייד צווישן די הונדערטער יידן פון סטאַלינ־פעלדער ראַטווירט און געקומען איז ער אהין נישט אַליין, נאָר מיט אַ גאַנצער מחנה זין און טעכטער, אַ חוץ אַ ווייב, וועלכע איז אַ רעמאַטיזנע נאָך פון דער היים און פון דעם טאָג אָן, זינט זיי זיינען אַרונטער פון דער באַן אין ביראָבידזשאַן.

ווען בערל איז געגאַנגען איבערן ראַטווירט איז ער קיינמאָל ניט געווען אַליין. פון זיינע ביידע זייטן און פון פאָרנט, ווי פון הינטן, האָבן זיך געפּלאָנטערט זיינע קינדער. און באמת, ווען ער איז געקומען אין אזעט אין אומאַן מיט זיין גאַנצער קאַמאַנדע, אַ חוץ אַ מיידל אַ ניינצן יעריקע, וועלכע האָט נישט געקאָנט קומען, האָט מען געדענקט, אַז קיין גרעסערער גליק פאַר ביראָבידזשאַן איז גאָר נישטאָ.

דער רויטער, ברייטפּלייציקער בערל, ווי ער האָט אַליין איבערגעגעבן דעם וועררבירער, האָט קיינמאָל נישט געקרענקט, און געאַרבעט ביי וואָס נישט ? אי זעגן האָלץ, אי אַ מעכאַניק, אי אַ סטאָליער, אַ מויערער און אַ אויוון־מאַכער, און אַפילו אַ קוימענקערער ; אַז נישט, איז נישט — אַכטונג געבן אויף פערד, פאַריכטן וועגענער, טאָן שמידעריי און אַנדערע אַרבעטן.

היינט זיינע קינדער ! . . .

די עלטסטע טאָכטער איז דריי און צוואַנציק יאָר אַלט, איז דאָך קיין פראַגע נישט וואָס זי קאָן טאָן. דאַן אַ ניינצן יאָריקע, די שענסטע פון הויז ; דאַן אַ צווילינג, צוויי יינגלעך צו זעכצן יאָר אַלט ; דאַן אַ פערצן־יאָריק מיידל, און ווידער אַ צוועלף יאָריקער יונגאַטש, אַ רויטלעכער, ווי דער טאַטע ; דאַן אַ צען יאָריק קיילעכדיק מיידעלע, און אַזוי נאָך איינער און נאָך איינע און נאָך איינע. די יינגסטע איז צוויי יאָר אַלט, האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, געהערט צו דער אַלעמאָל שטילער און שווייגנדיקער עלטסטער טאָכטער.

שוין עטלעכע יאָר ווי שרה־באַשע, זיין פרוי, ליידט פון אַ געוויסער קראַנקהייט, אָבער ווען בערל איז געקומען אין אזעט מיט אַ צעטל פון זיין אייגענער אַרמיי, האָט מען קיין סד בערלען נישט געפרעגט וועגן זיין פרוי. עס איז קיין צווייפל נישט געווען ביי די וועררבירער, אַז דאָס איז אַ „גאָלדן פינגערל", און נישט נאָר וועלן זיי פאַרדינען זייער ברויט און פאַרמערן די באַפעלקערונג, נאָר טאַקע זיין אַ גרויסער צושטייער פאַר דעם אויפבוי פון ביראָבידזשאַן.

לאַנדסלייט, וועלכע זיינען געפאָרן צוזאַמען מיט בערלען און זיין קאַמאַנדע האָבן דערציילט, אַז אַ פערטל שטעטל פון אומאַנער יידן זיינען געקומען זאָגן אַ „זייַ־געזונט" צו זיי און אַז ס'האָט זיך געטאָן עפּעס אַזוינס און אַזעלכעס. עפּעס אַ קלייניקייט — בערל דער רויטער פאָרט זיך באַזעצן אין ביראָבידזשאַן !

דער וואונדער איז נישט געווען אזוי וועגן בערלען, ווי וועגן דעם ווי די סאוועטן־מאכט זעט צו באזארגן אלעמען, אפילו אים, אזא פוסט־און־פאסניק אין שטעקל־דרייער, וועלכער, ווי די יידן דערציילן, האט געטאן אלין אין דער וועלט אבי נישט ארבעטן, אט אים, בערלען, באזארגט מען מיט האק און פאק; מיט בילעטן, מיט שפייז און קליידער, און נישט נאר אים אליין, נאר זיין גאנצע ארמיי פון עלף מיילער, קיין עין־הרע, און אויך זיין קראנקער פרוי, וועלכע האט שוין גארנישט געקאנט טאן פאר די לעצטע עטלעכע יאר.

ווען בערל, זיין פרוי און זיינע קינדער זיינען אנגעקומען אין טיכאנקע, האט מען אין דעם פארוואלטונגס־קאנטאר א גאנצן טאג כמעט גארנישט געקאנט טאן, און וועגן אויפנעמען אזוי פיל האט בערל געהאט צו דערציילן וועגן זיך און וועגן זיינע פאדערונגען.

צו ערשט האט דער סעקרעטאר פון ראטווירט, סמאליאנסקי, אים געזאגט, אז ער און זיין פאמיליע זיינען בארעכטיקט זיך אפרוען א וואך צייט ביז ער וועט זיך נעמען צו דער ארבעט. אויף דעם האט זיך בערל נישט געשפארט און האט זיך ברייטלעך ארומגעדרייט פון איין עק ראטווירט צום צווייטן, ווי דאס גאנצע לאנד וואלט געהערט צו אים.

ווען די צייט פון אפרו איז פאריבער, האט מען בערלען גערופן אין קאנטאר, געהאט מיט אים א שמועס וועגן תכלית. קודם־כל דארף מען די קינדער ביז פערצן יאר אריינגעבן אין שול לערנען. די עלטערע, פון פערצן ביז אכצן, דארפן גיין אין שול און אויך זיך לערנען אן ארבעט. און טאקע ער אליין, בערל דער רויטער, וועלכער האט אזוי פיל אנגעדערציילט וועגן זיך און זיינע דערוואקסענע טעכטער, דארף אויך אליין עפעס טאן.

אויף דעם האט בערל גלייך ארונטערגעלאזט די נאז.

— „וואס הייסט עפעס? נאדיר נייע באלעבאטים! באדארפט טאקע פארן גאנצע עלף טויזנט קילאמעטער, אז מען זאל מיר זאגן וואס איך זאל טאן מיט זיך און מיט מיינע קינדער".

אזוי האט זיך בערל ארומגעדרייט איבערן ראטווירט גאנצע פינף וואכן און לעבן אים אלעמאל ווער פון זיינע יורשים, און האט צייט געהאט צו קריגן זיך, זוכן און אויסגעפינען יעדע עוולהלע, יעדע קלייניקייט. דא גיט מען נישט גענוג ברויט, פלייש קריגט ער נישט יעדן טאג, מילך און פוטער אויך נישט איבעריק. די רייז איז אביסעלע

שוואַרצלעך, דאָס הויז איז נישט קיין באַקוועמע, קיין פּרימוס האָט ער נאָך נישט באַקומען, זיינע קינדער גייען מיט צעדרייטע שטיוול. ער אַליין האָט נישט דאָס און נישט יענס, — אַ גאַנצן באַרג מיט קריטיק. אָבער וועגן איין זאַך האָט ער פאַרגעסן, אַז פּאַראַזיטעריי איז נישט מעגלעך אין סאָוועטנפאַרבאַנד, און אַז דער וואָס לויפט אַרום און נעמט נישט קיין אָנטייל אינעם אויפבוי פון לאַנד, דער ווערט נישט באַזאָרגט.

אין די פאַר־מלחמה־יאָרן האָט בערל געהאַנדלט, געדרייט און איז צו קיינעם נישט אָנגעקומען. די פּויערים מיט וועלכע ער פלעגט האַנדלען אין יענע יאָרן, האָבן אים געקאָנט אויף הונדערטער מיילן, און וויפל זיי פלעגן זיך נישט היטן פאַר אים, פלעגט ער זיי אַלעמאָל אַריינגנאַרן.

אַט ברענגט אַ פּויער צוויי זעק מיט קאָרן צו דריי פּוד אין אַ זאַק, גייט עס אָבער אַריין אין זיינע הענט ווערט פון צוויי מאָל דריי, פיר און אַ האַלב. דער פּויער צלמט זיך און שווערט זיך, אַז ס'איז זעקס, אָבער אַז בערל זאָגט אַז ס'איז פיר און אַ האַלב, בלייבט עס אַזוי. האָט ער טאַקע געמאַכט אַ לייכטן קערבל. אַט אַזוינע און ענלעכע געשיכטעס דערציילט בערל פאַר אַ פּאָר לייזדיקגייער פון דעם זעלבן שניט.

זינט בערל איז געקומען האָט מען שוין אויספּייעט צו פאַרזייען און מ'שניידט שוין די טויזנט אַקערס פון קאָרן און ווייץ. האָבער און גערשטן ווערן צונויפגעשאָטן אין די שטאַרק פאַרמאַכטע שפּייכלער.

מ'בויט אַ באָד. ס'פעלט מאַטעריאַל. ס'פעלן קליינינקייטן. ס'פעלט געצייג און מער פון אַלץ — עס פעלן הענט. און בערל דערציילט זיינע „געוועזענע גליקן", וואַרפט אַריין אַ שטאָך־וואָרט דער אַדמיניסטראַציע, און בערלס אַ וואָרט שטעכט דורך ווי מיט טויזנט שפּיזן. איז איצט אַ געשיכטע — די באָד.

— „ביי אונדז, וואָס הייסט, וואָס־וואָס נאָר אַ באָד האָט נישט געפעלט. און דאָ, נאָדיר גאָר אַליין טראָגן וואַסער, אַליין דאָס וואַרעמען."

אָבער ווער עס זאָל דאָס צוגרייטן און אַלץ באַזאָרגן, פאַר דעם קימערט ער זיך נישט.

אין ראַטווירט גייט אַז די מאַטאַ: בויען, בויען, בויען! יאָגן שנעלער, שנעלער, שנעלער! יאָגן, דעריאָגן און אַריבעריאָגן! אָבער בערל האָט צייט געגנוג צו קריטיקירן, צו ריידן, צו שטעכן. ער באַרעדט יעדעס פינטעלע, יעדעס הערעלע.

פאַר די לעצטע צוויי חדשים זינט בערל מיט זיין אַרמיי איז געקו־

מען אין סטאַלינפעלדער ראַטווירט, האָט זיך עפּעס די גאַנצע לאַגע גער־
ביטן. קיינמאָל האָט מען דאָרט נישט געהערט אַזוי פיל קריטיק און
אַמפּערניש ביי יעדער קלייניקייט ווי איצט, און אַלץ צוליב דעם וואָס
בערל גלויבט אַז מען מעג פּאָדערן. אָבער אַז ער דאַרף אַליין אויך צור־
לייגן אַ האַנט, אַז ס'איז אומעגלעך צו לעבן פון פּאַראַזיטעריי, אין דעם
האָט ער זיך נאָך נישט פאַרטיפט. הערט מען טאַקע כמעט יעדן טאָג ווי
בערל רעדט הויך, דינגט זיך און קריטיקירט. אַט געפעלט אים נישט
וואָס דאָס ברויט פון דער בעקעריי איז געקומען אַ פערטל שעה שפּעט,
און אַט דאַכט זיך אים, אַז דאָס ברויט איז נישט אַזוי גוט אויסגעבאַקן
ווי ביי אים אין דער היים, אין אומאַן.

שטייט אַ רעדל אַרום אים און מ'הערט שוין:

— „ביי אונדז אין אומאַן איז אַזוי און אַזוי. ביי אונדז אין אומאַן
וויקלט מען איין הערינג אין פּאַפּיר און די מילך איז עפּעס אַנדערש,
און וואָס פאַר אַ פּוטער! און גרויפּן קריגט מען אויך אַמאָל. הייגט,
זייף, קעראָסין, אַ ליכטל, ציץ פאַר אַ קליידל; לאָזט עס צו מיר! דאָרט
האָב איך עס געקראָגן!"

עולם איז נייגעריק צו הערן אַ פּאָר ווערטלעך, גייט מען טאַקע נאָך
בערלען ווי אַ קאַלב אַ קו און קוים קומט ער נאָך אַריין אין קאָ־אָפּ איז
שוין צרות, קאָן מען שוין הערן קולות און געוואַלדן אַריבער די גרעניצן
פון אַמור, און ער טענהט אַזוי ווי מ'וואָלט אים געקוילעט.

— „אַז מ'שרייט מסתמא טוט וויי", — פאַרענטפערט ער זיך יעדעס
מאָל ווען ער פירט דורך אַ סקאַנדאַלטשיקל, און ער פילט אַז ער איז
אַלעמאָל גערעכט, אַז ס'קומט אים. איין זאַך פאַרגעסט אָבער בערל —
אַרבעטן. אַזוי זיינען אַוועק גאַנצע דרייצן וואָכן, פון אָנהייב פון פּאַרזיי
ביז דעם שניט. הונדערטער איבערוואַנדערער זיינען געקומען, זיך איינ־
געאָרדנט, אַרבעטן, גייען אין זייער פרייער צייט צו פאַרזאַמלונגען,
לייענען, שרייבן, דיסקוטירן און אַקלימאַטיזירן זיך. גיטעלע די בלאָנ־
דינקע פון פּאַשטאַק האָט שוין אויספּעייט חתונה צו האָבן מיט ליאָוועז,
דעם יונגן לערער פון די נידעריקע קלאַסן. זי האָט אים אַרויסגעשלעפּט
פון אַ ווינקל פון באַראַק אין אַ קליינעם און באַקוועמען צימערל. גיטל
דעם בלעכערס פון וויניצע האָט געבוירן נאָך אַ שרייערל, צו די דריי
וואָס זי האָט מיט זיך מיטגעבראַכט. דער ברונעם לעבן שפּיטאָל איז
שוין באַלד פאַרטיק. אין עסצימער האָט מען שוין געקראָגן צוגעשיקט

אמתע לעפל און טעלער, אַנשטאָט די הילצערנע לעפל און בלעכענע שיסלען, פון וועלכע ס׳איז געווען גאַנץ נישט באַקוועם צו עסן, און בערל האָט זיך אויסגעקליבן דעם בעסטן ווינקל, איבערגעביטן דעם פּלאַץ שוין עטלעכע מאָל און זיך דאָרט גאַנץ גוט איינגעבירגערט. ער מאַרשירט אַריין מיט זיין אייגענער אַרמיי אַלעמאָל דער ערשטער און פאַרלאָזט דער לעצטער, ווייל פון פליכטן היט ער זיך נאָך אַלץ אויס און פּרובירט אויך דאָ, טאַקע מיט עלף טויזנט קילאָמעטער ווייט פון זיין היים, אַנווענדן זיינע מיטלען זיך דורכצושלאָגן זיין וועג און נישט אַרבעטן.

אין ראַבקאַם האָבן זיך פאַרזאַמלט זיבעצן אַרבעטער, אויסצו־דרעשען די שוועריקייטן פון דער ניט־פאַרענדיקטער אַרבעט, צוליב דעם וואָס עס פעלן הענט. ס׳זיינען אויפגענומען געוואָרן אַלע אַנגעווייטיקטע פראַגן און טענות פון די איינוואַנדערער. עס ווערט דער־מאָנט בערלס נאָמען. עס ווערט באַשלאָסן אַז בערל דער רויטער זאָל ווערן דער אויפזעער פון דער באָד, אַנשטאָט מענדל דער גאַלאַנטעריי־קרעמער פון דער ליטע, וועלכער פאַרנאַכלעסיקט זיינע פליכטן; בערלס צוויי עלטערע טעכטער זאָלן אַרבעטן אין עסצימער; די צוויי זעכצן־יאָריקע יינגלעך זאָלן נאָכן לערנען אַרבעטן אין דער שמידעריי און העלפן פאַרריכטן וועגענער, און די איבעריקע פון איבער זעקס יאָר זאָלן גיין לערנען.

— „חברה אין באָד אַריין!“ — האָט שטיפעריש אַ קאָמאַנדעווע גע־טאָן חבר סאָלאָווייטשיק, וועלכער איז געווען דער עלטסטער פון אַ גרופּע איבערוואַנדערער פון ווינִיצע, — „איר וועט אָבער מוזן יעדער איינער פון אייך ברענגען אַ פּאָר עמער וואַסער, ווייל דאָס וואַסער האָט אויסגערונען פון דער גרויסער הילצערנער פאַס, וואָס האָט באַדאַרפט רעמאָנטירט ווערן און מ׳האָט עס פאַרנאַכלעסיקט“.

יונגען האָבן זיך נישט געלאָזט שטאַרק בעטן. די ראָד פונעם ברו־נעם מיט די פּופּציק פּוסיקע אייזערנע קייט האָט אומאויפהערלעך גע־דינט. די פריש־אָנגעקומענע האָבן יום־טובדיק אָנגעפילט די כלי מיט פריש וואַסער, צוגעפירט האַלץ און אָנגעקאַרמעט דעם גרויסן ליימענעם אויוון. אין אַ שעה אַרום האָט זיך צווישן דער געדיכטער פּאַרע גע־הערט דער געהילך פון זאַרגלאָזע שטימען פון די פריילעכע אַרבעטער. ביים אָנטאָן זיך איז צוגעקומען אַ נייער געשפּערך:

— „ווי קומט דאָ אַ געשאָכטענע קאַלב אין ווינקל פון באָד?"

בערל האַלט זיך אין איין שווערן, אין נאָמען פון זיין קראַנקער פרוי און זיינע קינדער, אַז ער זאָל אַזוי נישט וויסן פון קיין בייז ווי ער ווייסט נישט וועד עס האָט דאָס אַהער געבראַכט. עולם האָט נישט גערוט. מען האָט עס איבערגעגעבן דער פאַרוואַלטונג.

בערל שטייט פאַר אַ חברשן משפּט. מען דערוויסט זיך, אַז עדינאַ־ליטשיק האָט עס אומגעזעצלעך געשאָכטן און געבראַכט צו באַהאַלטן אין באָד, און בערל וועט דערפאַר באַלוינט ווערן. אָבער בערל האָט עס פאַרגעסן צו באַהאַלטן פון די נייע אויגן.

עס ווערט אויפגעדעקט, אַז בערל האָט זיך געקריגט מיטן דאָקטאָר, מ'זאָל אים אַרויסגעבן אַ צעטל אַז ער איז נישט פייאיק צו אַרבעטן, און נישט נאָר פאַר זיך, נאָר פאַר דער גאַנצער פאַמיליע זיינער. און דער דאָקטאָר האָט אים אַזאַ צעטל נישט באַוויליקט.

ביים משפּט האָט בערל געפאָדערט מ'זאָל אים מיט זיין משפּחה צוריקשיקן פון וואַנען זיי זיינען געקומען. „זאָלן די כינעזער און קאַ־רייער אַרבעטן".

:: :: ::

דער וואָקזאַל איז פול מיט רויטאַרמייער, וועלכע ווערן געשיקט פון צענטער אין כאַבאַראָווסק און איוואַנאָ־וואָזנעסענסק. קיין פּלאַץ אויף די באַנען איז נישטאָ. בערל און זיין פאַמיליע פאַרנעמען אַ פערטל פון וואָקזאַל און וואַרטן אויף אַ באַן צו פאָרן צוריק אַהיים.

אין ראַטווירט גייט אַן אַ געוועט ווער וועמען וועט אַריבעריאָגן אין פאַרריכטן די טראַקטאָרס, און ברענגען זעגן און הובלעווען און שניידן די דיקע טאַיגע־ביימער און בויען און פאַרריכטן די הייזער און וועגן. אויף די פעלדער שניידט מען און מען דרעשעט און עס וואַקסט און עס בליט, און בערל, זיין קראַנקע פרוי, זיינע ניין קינדער און אייניקל וואַל־גערן זיך אויף וואָקזאַלן און באַנען, באַנען און וואָקזאַלן.

אין אירקוטסק האָט דער פאַרוואַלטער פון דער „קאָ־אָפּ" געטראָפן די גאַנצע פאַמיליע אויף דעם באַזאַר, לעבן איינגעפאַלענע שפּעקולאַנטישע קרעמלעך, אויסגעלייגט אַ קאָפּ אויף אַ בויד, די קלענערע אויף די גרע־סערע און די גרעסערע אויף די עלטסטע. דער רויטער בערל דרייט זיך ערגעץ שוין אַרום אין מאַרק, קויפט און פאַרקויפט, דרייט און בלאָפט און באַנייט זיין טראַדיציע פון זיך „אַדורכדרייען".

# 10

## מיר לערנען זיך שיסן

— „אַט מיט דעם וועט איר פֿאָרן!“ — האָט מיר צוגעפֿירט דער פֿור־מאַן פֿונעם מילך־טייל פֿון „פֿריגאַראַדנע כאַזייסטווע“ (פֿאַרשטאַט־באַלעבאַטישקייט), וועלכער האָט מיט אַ פּאָר שעה צוריק געבראַכט אַ צעטעלע פֿונעם ראַבאַטשקאָם (אַרבעטער־קאָמיטעט), אַרויסצוגעבן זיי אַ ביבליאָטעק. איך האָב תּיכּף צונויפֿגענומען די ביכער, וואָס איז פֿאַר־געשלאָגן געוואָרן פֿון אים טאָקע, מערסטנס פּאָליטישע ביכער, ווי: „אלף בית פֿון לעניניזם“, „זעקס פֿראַגן פֿון סטאַלין“, דער זיבעטער פּאַר־טיי־צוזאַמענפֿאָר“; ווי צו פֿאַרהיטן בהמות, ווי צו דערגרייכן רעזולטאַטן פֿון זייעו, ווי מעלקן קי, ווי צו דערגרייכן דעם פֿינפֿיאָר־פּלאַן אין דריי, און נאָך אַזעלכע ביכער, אַביסל בעלעטריסטיק, ווירטשאַפֿט־זשורנאַלן און צייטונגען.

מיטן פּעקל ביכער אין האַנט האָט ער מיר פֿאָרגעשטעלט צו אַ יונגן רויטאַרמייער, וועלכער האָט מיר פֿריינטלעך באַגריסט, מיר געפֿרעגט וואוהין איך פֿאָר, און גלייך טאָקע זיך פֿאַרוואונדערט וואָרום איך דאַרף עס פֿירן אַליין די ביכער, זיי האָבן דען נישט געקאָנט אַליין קומען דאָס נעמען?

— „וועל איך עס זיי נישט אָוועקפֿירן, וועלן זיי אַליין דאָס נישט נעמען, נישט קוקנדיק דערויף וויפֿל זיי אַליין זאָלן דאָס נישט פֿאַר־לאַנגען. מען מוז זיי דאָס צוטראָגן, אַליין אָפּגעבן און פֿאַרלאַנגען אַז אונטערשריפֿט פֿאַר די באַקומענע ביכער און דערווײַלן אַ פֿאַראַנט־וואָרטלעכן חבר ער זאָל אַכטונג געבן אויף די ביכער, ווייל ביכער אין יענע געגנטן ווערן גענוצט פֿאַר צוויי זאַכן. ווי פֿלעגט זיך וויצלען דער קאָמענדאַנט, אַ לעטישער איבערוואַנדערער: „מ'קאָן זיי לייענען אַז מען וויל און אַז נישט גייען זיי אַוועק אויפֿן רויך“, ווייל קיין אַנדער פּאַפּיר צום רייכערן איז נישטאָ“.

דער רויטאַרמייער האָט מיר געהייסן אַרויפֿקריכן אויפֿן קליינעם וועגל איינגעשפּאַנט מיט צוויי אויסגעדאַרטע פֿערד, די לייצעס האָט

געהאַלטן אַ יונגער אַרבעטער פון די טראַקטאָרישע יאַטן ספּעציאַליסטן, און מיר פאָרן.

— „אָט דאָ שטעל איך זיך אָפּ", — זאָגט דער רויטאַרמייער גרישאַ.

דער רויטאַרמייער איז אַריין אין אַ זעמליאַנקע, אַ הייזל געבויט אין דער ערד און אין אַ פינף מינוט אַרום אַרויס פון דאָרט מיט פיר ביקסן. זיי אַרויפגעוואָרפן אויפן וואָגן און געבעטן דעם יונגן יאַט מיט די לייצעס נעמען עטוואָס פאַר די פערד. דער יונגער חברמאַן איז אַראָפּ־געשפּרונגען פון וואָגן, געכאַפּט אַ גאָפּל, וואָס איז געלעגן לעבן הויז, אַריינגעשטעקט אַ דריי מאָל אין דעם היי און אַרויפגעלייגט עס אויפן פור..

מיר זיצן ווי אויף ווייכע שטולן און די פערד וועלן האָבן וואָס צו עסן.

פאָרנדיק האָב איך זיך דורכגערעדט מיט גרישאַן, וועלכער האָט מיר דערקלערט אַז זיין אַרבעט איז צו אָרגאַניזירן דעם סאָאוווכיזם. הונ־דערטער טויזנטער אַרבעטער, יונגע און אַלטע, מענער און פרויען, טרעטן אַריין לעצטנס אין סאָאוונאָכים און זיין אויפגאַבע איז זיי צו לערנען שיסן.

קומענדיק צו דער כאַזייסטווע האָט אים דער פאַרוואַלטער געזאָגט, אַז כמעט אַלע אַרבעטער זיינען געשיקט געוואָרן אין וואַלד אָנצוגרייטן האָלץ און אַז זיין הייניקער קומען אַהער וועט, דאַכט אים, נישט ברענגען די נייטיקע רעזולטאַטן.

גרישאַ האָט זייער באַדויערט וואָס זיין קומען קען נישט אויסגענוצט ווערן אין דער פולער מאָס, נאָר גלייך אַ זאָג געטאָן:

— „וועלן מיר אַרויסגעבן נאָר צו פינף פּאַטראָנעס און אַז מיר וועלן האָבן אַ פינף, זעקס מענטשן, וועל איך פילן, אַז איך בין נישט געקומען אומזיסט".

— „חבר פאַרוואַלטער, חבר קוטשער, חבר קולט.־אַרבעטער, וואָסילי דער אַרבעטער וועלכער איז גראָד אַריינגעקומען צום פאַרוואַלטער פרעגן אַן עצה וועגן דער קו, וואָס פילט זיך עפּעס נישט אין בעסטן, איר חברים קומט, נעמט די ביקסן, צו פינף פּאַטראָנען, אינגאַנצן אַ האַלבע שעה און מיר וועלן פאָרן צוריק צו דער צענטראַלע.

ווי קליינע קינדער האָבן אַלע גענומען אַרומפּאַדען לעבן די ביקסן און דעם רויטאַרמייער.

— „מיר פינף, און מיר פינף, און מיר ?" — איינער האָט מיט אומ־

געדולד גענומען די פינף, א טאפ געטאן די ביקס, אזוי ווי שיסן וואלט געוועז אלץ וואס ס'גייט אים אזוי איז לעבן.

הענקען, א ווייס־גרויער בוכהאלטער, איז געזעסן, געקוקט אויף די פארזאמלטע, אויף זייערע באגייסטערטע געזיכטער, און יעדעס מאל זיך גענומען עפעס ארייגשרייבן אינעם בוך.

— „און דו, פאטער ?" — האט געזאגט דער רויטארמייער, — ווארום גייסטו אויך נישט מיט אונדז ? ס'וועט זיין אינטערעסאנט צו האבן אייך אלס מיטקעמפער".

א דיקער, מיטליעריקער טאטער האט צוגעקלאפט דאס ציל־ברעטל צו א ברעט. גרישא דער רויטארמייער האט געבראכט צוויי שטיינער. מען האט אונטערגעשפארט די שטיינער אונטערן צילברעטל און די פאזיציע איז פארטיק.

איינער האט אין שפאס אויסגעשריען :

— „גאטאווא ! סטרעליאט !"

דער ערשטער האט געשאסן דער פארוואלטער. ער האט זיך גע־שטעלט אויף ביידע קני, ער האט ארויסגעשלעפט די לינקע פוס, זי אויסגעגלייכט און זיך גענומען צילעווען און צילברעט. זיינע הענט האבן געציטערט, מען האט געקענט דייטלעך פילן ווי די ביקס טרייסלט זיך ביי אים. ער האט עטלעכע מאל ווידערהאלט, אז ער האט נאך אין זיין לעבן נישט געשאסן, דאס איז דאס ערשטע מאל.

גרישא איז זארגפול געשטאנען לעבן אים.

— „טרא־רא־רא !"

ווען ער האט געענדיקט די פינף פאטראנעס זיינען אלע געלאפן צום צילברעטל, זען וויפל ער האט געטראפן. גרישא האט פארשריבן אין א ביכעלע דעם נאמען, בארוף, עלטער און וויפל אויגן ער האט געמאכט.

— „ווער איז דער צווייטער ?"

א פרוי האט גענומען די ביקס. זי איז נישט געוועז פאסיק דערצו. זי האט צוגעשטעלט די ביקס נידעריקער ווי מען באדארף. אייניקע האבן געשמייכלט. גרישא האט געווארפן ערנסטע בליקן אויף די צע־שמייכלער און די צעשמייכלער האבן גלייך געביטן זייערע אויסדרוקן און די פרוי האט געשאסן.

— „טרא־רא־רא !"

אלע זיינען געלאפן צום צילברעט. גרישא האט אויסגערופן, „22

אויגן״. עס איז געוואָרן אַזאַ מין קלאַפּעריי, ווי מען אַפּלאַדירט אַ גרויסן קינסטלער. די פרוי האָט זיך געריוטלט און האָט איבערגעחזרט עטלעכע מאָל: — ״דאָס איז מיין ערשט מאָל!״

— ״גוט וואָס איך בין דאָ!״ — האָט מיט צופרידנהייט אונטערגעשפּרונגען אַן איינגעשמירטער שמיד, אַ מאַן פון אַ יאָר פינף און דרייסיק. — ״פינף פּאַטראָנען פאַר מיר. שוין לאַנג קיין ביקס נישט געהאַלטן. יעדער פּאַטראָן מוז טרעפן אין ציל, אַזוי ווי אין די דעקאַבערטעג. קיין איינער טאָר נישט גיין אין ניוועץ!״

— ״טראַ־ראַ־ראַ!״

— ״יעדן געטראָפן!״ — רופט אויס גרישאַ.

אַלעמענס בליקן האָבן מיט אייפערזוכט געוואָרפן צו דעם דעקאַבער־העלד.

ווי פון דער ערד אַרויס זיינען אויסגעוואַקסן אַרבעטער. אַלע האָבן אַרומגערינגלט גרישאַן.

— ״שיסן! אַלע שיסן! מירן שיסן!״

אַלעמענס הענט האָבן זיך געצויגן צו גרישאַן, וועלכער האָט אַרויסגענומען אַ קעסטעלע די גרוים פון אַ קאָרט און האָט אויסגעציילט צו פינף פּאַטראָנען פאַר יעדן.

— ״חברים, נישט געשטופּט זיך. יעדערער וועט שיסן, איינס נאָכן אַנדערן, שפּאָרט זיך נישט. כל־זמן די חברים וועלן קומען וועל איך פון דאַנען נישט אַוועק. צוליב דעם בין איך אַהער געקומען!״

מען האָט באַמערקט אַזאַ צופרידנקייט אויף גרישאַס געזיכט, ווי איינער וועלכער דערפילט אַ גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכע אויפגאַבע.

די האַלבע שעה איז שוין לאַנג אַוועק. שוין די דריטע האַלבע שעה. גרישאַ רייבט זיך די הענט פון פראָסט, שפּרינגט אונטער אַביסל זיך צו דערוואַרעמען.

— ״און דו פאָטער, וואָס שטייסטו? קום און שיס!״ פאַרן קומענדיקן קריג וועט קיינער נישט אַלט זיין. שיסן זאָל יעדער איינער קאָנען!״

אַלעמענס בליקן זיינען געפאַלן אויף דעם גרייז־גרויען סאָציאַלוואָד הענקען, וועלכער האָט באַקומען דינע שרעק, זיך עטוואָס געריוטלט און גענומען די ביקס אין האַנט.

— ״טראַ־ראַ־ראַ, טראַ־ראַ־ראַ־ראַ!״

— „18 אויגן!" — האָט אויסגעשריען גרישאַ. אַלע האָבן אַפּלאָדירט דעם אַלטן.

— „ס'וועט אפשר נאָך צונוצקומען!" — האָט הענקין עטלעכע מאָל ווידערהאָלט צו די אַרומיקע.

גרישאַ האָט איבערגעגעבן דאָס ביכעלע צו אַ יונגער פּרייליו, וועלכע אַרבעט אין קאַנטאָר פון דערווירטשאַפט.

— „זייט אַזוי גוט און שרייבט דאָס איבער אויף ריין. מאָרגן דאַרף איך אָפּגעבן אַ רעכענונג פאַר מיין היינטיקער אַרבעט".

צוזאַמען מיט דער פאַרגייענדיקער זון זיינען אַלע האַרעפּאַשניקעס צופרידענע, אויסגעמאַטערטע און אויסגעהונגערטע, מיט הילכיקע געלעכטערס זיך צעגאַנגען, ווער אין עסצימער און ווער צו זיך אַהיים.

# 11
## באַראַק נומער דריי

אַרומגעוואַשענע, איבערגעטאָנענע און געמיטלעך זיינען די אַרבעטער, די איינוואוינער פון באַראַק נומער דריי, געזעסן אין אַ ווינקל לעבן אַ גרעסערן טיש און זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט.

— „מ'דאַרף נאָר וועלן אַרבעטן איז נישטאָ אַזאַ זאַך ווי נישט קריגן קיין אַרבעט. יעדער איינער וועלכער וויל באמת טאָן ערלעכע אַרבעט קריגט עס, און וואָס איינער טוט איז נישט קיין אונטערשייד. אָט נעמט מיך. איך בין אַ פייערלעשער און זיץ און היט עס זאָל קיין פייער נישט אויסברעכן. איך וואַרט. ווען אַ פייער ברעכט אויס, בין איך גלייך אויפן פּלאַץ. דערווייל אַרבעט איך אַכט שעה אַ טאָג. איך רייניק און קאָרמע אָן די פערד. איך רייניק די שטאַל און זע אַז די הילצערנע פאַס זאָל שטענדיק זיין ריין און פול. איך גיב אַכטונג אַז אין די קאַנטאָרן און מייסטערסקייעס זאָלן דורכגעפירט ווערן אַלע כללים צו פאַרהיטן, אַז ס'זאָל נישט אויסברעכן קיין פייער. ווייל מען איז עס אַ נייטיקע אַרבעט. ווייל מען, איז עס נישט אַזאַ נייטיקע אַרבעט. אָבער קאָן דען

ווער פון אייך מיר אויפווייזן אויף איין זאך, ווי קליין אדער גרויס דאס זאל נישט זיין, וואס איז נישט אזוי וויכטיק ווי די אנדערע זאך?״

— „שטעלן דען נישט אלע קליינינקע טיילכעלעך פון ארבעט צונויף אלץ וואס מיר האבן אין לעבן? אונדזער אינדוסטריע; אונדזערע שטעט; אונדזערע פאבריקן, מינעס און זאוואדן און דעם גאנצן אפאראט פון אונדזער לעבן?״ — אזוי האט חיים, דער אוקראינער, א יונג פון צוויי און צוואנציק יאר, מיט א פאר ברייטע פלייצעס און לעבנס־לוסטיקע אויגן אריינגעטענהט מיט חברה יאטן אין באראק, אראפגעצויגן זיינע נאסע שטיוול און זיי אוועקגעלייגט אויסטריקענען ביים בלעכענעם אויוון, וואס יונגע, רירעוודיקע נאר־וואס אריינגעקומענע פון דער שלאַ־סעריי האבן אונטערגעהייצט.

זכריה, דער יונגער מיליציאנער האט מער פון אלע צוהערער אנגע־קוואלן פון די איינפאכע ווערטער פון זיין חבר, פון וועמען ער הערט די דאזיקע רייד פאר די לעצטע זיבן חדשים, זינט ער איז געקומען פון אוקראינע. ער האט ליב געהאט צו הערן פשוטע און הארציקע ווער־טער, ווייל ער אליין האט נישט געקאנט אויסדריקן דאס וואס ער האט געפילט, איבערהויפט ווען עס זיינען דערביי געווען איבער א האלב־צענדליק מענטשן. נישט איינמאל פילט ער א שטעכעלע פון די מיטל־יעריקע איינוואנדערער, וועלכע פלעגן זיך וויצלען, אמאל אפילו אין זיין אנוועזנהייט.

— „האסט עפעס מורא פארן יידישן גארדאוואי?״ — מיינענדיק אים, דעם יונגן יידישן מיליציאנער.

זכריה געדענקט נאך דעם גארדאוואי פון דעם אמאליקן אלטן רוס־לאנד, א בילד וואס פארפאלגט אים דאס גאנצע לעבן.

ער איז אלט געווען זעקס יאר ווען מ׳האט אין זיין שטעטל אומאן דורכגעפירט א פאגראם. דער טאטע זיינער איז אפגעגאנגען מיט בלוט. די מאמע, א געהלשטע אין א קופע פארטריקנט בלוט אין איין ווינקל און אן עלטערער ברודער זיינער, וועלכער איז יארן לאנג געווען קראנק, איז אין בעט דערשטיקט געווארן. זכריה מיט זיין יינגערן ברודערל וועלוועלע, וועלכער איז איצט א טייערער רויטארמייער, זיינען געלעגן אונטערן בעט, צוגעקוקט די אלע גרויזאמקייטן און שיעור נישט דער־שטיקט געווארן פאר שרעק.

א גראב־בייכיקער, נידעריקער, שיכורער גארדאוואי, מיט א פאר

וואלמאזשנע וואנצעס, האט פויל אויפגעהויבן זיין בלוטיקע האנט מיט וועלכער ער האט דער מאמען דעם לעצטן זעץ געטאן און א זאג געטאן:

— „גאטאווא כלאפטשי, אידיאמטיע", — און זיי זיינען אלע ארויס.

דערפאר טאקע, ווען ער דערהערט דא אויף שפאס, צי אין ערנסט, דאס ווארט „גארדאוואי", לויפט אים די בלוט אריין אין קאפ, דערזעענדיק פאר זיך דאס גאנצע בילד פון יענעם שרעקלעכן, שווארצן טאג, וואס האט זיך איינגעקריצט טיף אין זיין נשמה און פארפאלגט אים אלע יארן. און הערנדיק די שארפע, איבערצייגנדיקע ארגומענטן פון זיין חבר חיים, דעם „פאזשארניק" (פייערלעשער), ווי ער איבערצייגט עטלעכע „לויפער" (פוילע, וועלכע ווילן נישט ארבעטן) און קלאגער, האט עס אים שטארק הנאה געטאן, ווייל חיים האט שוין אויך גערעדט פאר אים און פאר זיינס גלייכן.

חיימס חברשאפט איז פאר אים געווען דאפלט אנגעלייגט. קוים האט ער זיך באפרייט פון זיין ארבעט, לערנען און אנדערע פליכטן, פלעגט ער זיין מיט זיין חבר חיימען און זיך צוהערן ווי ער טענהט אריין אזוי קלוג און איבערצייגנדיק מיט זיינע מיטוואוינער אין דעם באראק נומער דריי, פאר די נישט־פארהייראטע.

אין א צווייטן ווינקל פון לאנגן באראק איז פארגעקומען א ווערטערלעכער צוזאמענשטויס צווישן דריי בריגאדירן מיט ניי־אנגעקומענע איינוואנדערער, וועלכע האבן זיך נאך ניט פראלעטאריזירט. דער צוזאמענשטויס איז פארגעקומען צוליב א טעשל קארטן וואס זיי האבן נישט געוואלט אפגעבן. די בריגאדירן האבן נישט גענוצט קיין פיזישע מאכט און האבן אפעלירט צו זייער יושר און גערעכטיקייט, און פרובירט ווירקן אויף די נאך נישט אקלימאטיזירטע, אין נאמען פון דער טעמפאדיקער סאציאליסטישער אויפבוי־ארבעט פון ביראבידזשאן.

פונעם גאנצן באראק האבן זיך אלע צוזאמענגעקליבן ארום די בריגאדירן און די שטרייטנדיקע אוקראינישע ארבעטער. די פארזאמלטע זיינען געווען אויף דער זייט פון די בריגאדירן, און די קארטן זיינען איבערגעגעבן געווארן צו די בריגאדירן.

שוין א האלבע שעה ווי די בריגאדירן זיינען אוועק און דאך איז דער געשפרעך פון אלע איינוואוינער פון באראק געווען וועגן קארטן. די מערסטע פארדאמען עס אלס א שעדלעכער אזארט־שפיל, וואס פארטעמפט דעם געדאנק פון הארעפאשניק און פארשקלאפט אים צו די

קאַרטן און פאַרקלענערט זיין דראַנג צו אַרבעט און פאַרלאַנגזאַמט דעם אויפבוי פון סאָציאַליזם.

מיטאַמאָל האָט זיך דער הימל באַדעקט מיט אַ רויטן טעפּיך. ס'האָבן זיך דערהערט קלאַנגען פון טעמפּע, שוואַכע גלעקער. אַ געשריי און אַ טומל איז געוואָרן אין גאַס. אַרבעטער זיינען געלאָפן אין דער ריכטונג פון די פייערדיקע צונגען.

די „לעסאָפּילנע" (די זעגעריי־פאַבריק) האָט געברענט. צוערשט האָבן געפלאַקערט די פרישע, אָפּגעזעגטע טרוקענע ברעטער, דערנאָך האָבן די פלאַמען זיך אַריבערגעכאַפּט אין אַ דערבייאיקן ווינקל און האָט זיך מיט חוצפה אַריינגעריסן אין די אָפענע שפּאַלטן פון אָפּגעהובלטע, גלאַטע ברעטער, וואָס זיינען דאָ ערשט אָפּגעפּרייסט געוואָרן פון זייער טאַיגעס ווילדקייט און זאָרגפעלטיק אויסגעלייגט געווען איינע איבער די אַנדערע, פאַרטיק צו דינען די איבערוואַנדערער פאַר זייער געברויך, צו באַדעקן די סקעלעטן פון עטלעכע אָנגעפאַנגענע הייזער און פאַרענדיקן עקשנותדיק די צוויי נייע באַראַקן, וואָס מוזן פאַרטיק ווערן נישט שפּעטער ווי סוף זומער, כדי דער ווינטער זאָל נישט שטערן די טעמפּאָ פון דער נייטיקער אַרבעט.

די פלאַמען האָבן שוין געהאַלטן אין ענדיקן די לעצטע ביסנס פון די האַלב־רויע און פאַרענדיקטע ברעטער — שטיקער אוצרות — און האָבן זיך מיט אימפּעט געוואָרפן דורך די שטיקנדיקע, געדיכטע, ביטערע רויכן אויף די געצייג און מאַשינען, וואָס די צענדליקער אָנגעקומענע אַרבעטער האָבן מיט זייערע לעצטע כוחות געוואָלט אָפּטיילן פון די איינגעשפּאַרטע, עקשנותדיקע רויטע פייער־צונגען, אָבער די פלאַמען האָבן זיך אויף זיי געוואָרפן הונגעריקע און אויך זיי אָנגעהויבן פרעסן. די פייערלעשער האָבן געקעמפט מיט די פלאַמען מיט זייער גאַנצן כוח, אָבער די שרעקלעכע היץ און שטיקנדיקער רויך האָט זיי געצוואונגען זיך צוריקצוציען.

די פלאַמענדיקע חיה האָט זיך געצויגן אויף אַלע פיר זייטן פון אַ דיקן בוים, וואו די שטאָלענע ציינער פון דער גרויסער, קיילעכדיקער זעג זיינען שטיל געבליבן אינמיטן, פאַרלאָרן די עלעקטרישע קראַפט ווען דער פייער האָט אויפגעפרעסן דעם ברייטן, לעדערנעם רימען, וואָס האָט באַקומען זיין קראַפט פון אַ ריזיקן טראַקטאָר וואָס איז געשטאַנען נישט ווייט פון דעם פּלאַץ.

וואַלאַדיע, דער טראַקטאַריסט, האָט מיט גרויס מסירת נפש אָפּגע־פּירט דעם טראַקטאָר פון ברענענדיקן פּלאַץ, וואָס איז אין עטלעכע מינוט אַרום באַזעצט געוואָרן פון אַלע פיר זייטן מיט פייערדיקע צונ־גען און געשלונגען די הובל־מאַשינען, די זעג־מאַשינען און דאָס געצייג און וואַרשטאַטן וואָס ס'איז געווען אומעגלעך צו ראַטעווען.

חיים, דער פייערלעשער, איז שוין געשטאַנען מיט זיינע צוויי האַלב־ווילדע, נישקשהדיק אויסגעפּאַשעטע פערד, מיט אַ פולער כלי וואַסער און געקאָמאַנדעוועט צו די פאַרזאַמלטע:

— „גיסט וואַסער! וואַסער!“

— נישטאָ מער!“ — שרייען די אַרויסהעלפערס.

— „קומט מיט מיר!“

לויפן די פערד, ווי ווילדע, אונטער די פייערדיקע שמיץ פון חיימס בייטש. חברה לויפט מיט עמערס וואַסער פון אַלע זייטן. די עמערס ווערן איבערגעגעבן דורך אַ פאַרמירטער וואַנט פון דיסציפּלינירטע האַ־רעפּאַשניקעס.

חיים איז שוין ווידער דאָ מיט זיינע צוויי פערד, וואָס רייסן זיך אין אַלע זייטן, אָבער ער שטייט אייזן־פעסט איינגעדריקט מיט זיינע צוויי פיס אויף די האָלאָבלעס און ווי אַ הערקולים קעמפט ער צו באַזיגן די פלאַמען.

אַלע זיינען דאָ פאַראַן און נישט מיט פאַרלייגטע הענט. די האַרע־פּאַשניקעס וועלכע קאָנען בויען, קאָנען אויך פאַרטיידיקן זייער האָב־און־גוטס.

אָט דאַכט זיך שוין, אַז די פלאַמען זיינען שוין מיד געוואָרן. זיי האָבן זיך אָנגעזעטיקט מיט אַלץ וואָס ס'איז זיי געקומען אין וועג, איינ־געשלונגען אין אַ האַלבער שעה די פּראַצע פון הונדערטער טעג און זיי שטילן זיך באַלד איין.

מיטאַמאָל האָט זיך פון זכריהס מויל, פול מיט שטיקנדיקן רויך, אַרויסגעלאָזט אַ ווילדער געשריי:

— „דער באַראַק ברענט!“ — דער באַראַק, וואו ער און חיים און אַנדערע זעכציק איבערוואַנדערער וואוינען.

דער באַראַק איז געשטאַנען ביי אַ טויזנט פוס פון דער ברענענדיקער זעגעריי. די פייער־פונקען זיינען מיט דער הילף פון אַ צפון־ווינט אין

דער אַנדערער ריכטונג אַנגעקומען און קיינעם וואָלט נישט איינגעפאַלן, אַז דער באַראַק זאָל זיך אָנצינדן.

דער באַראַק האָט אָנגעהויבן ברענען פון אינעווייניק. די פייערן האָבן זיך געשטופּט פון אונטער די עפענונגען פון דאַך אין דרויסן אַרויס און האָבן זיך אַריינגעקריצט מיט זייער גאַנצער שאַרפקייט אין דעם פלייש פון די פרילינג־זוניקע אויסגעטריקנטע הילצערנע ווענט.

דאָ זויפט שוין דער פייער נישט נאָר דאָס האָלץ, נאָר אויך די אָרעמע פּעקלעך, די רענצלעך, קעסטלעך, בעטגעוואַנט און דאָס גאַנצע פאַר־מעגן פון די אַרבעטער־איינוואוינער. אָבער ווי קאַפּיטאַנען אויף זייערע שיפן שטייען אַלע אַרבעטער פון באַראַק נומער דריי און טרעטן נישט אָפּ פון דער זעגערייַ, ביז וואַנען די פלאַמען וועלן זיך אײַנגאַנצן נישט איינשטילן און זען צו ראַטעווען וואָס עס איז נאָר מעגלעך.

קו־טשאַו, דער קאַרייער בריוטרעגער, האָט געבראַכט אַן אייזערנע לאַנגע קייט, וואָס איז געלעגן אין אַן איינגעאַנקערטער פּראַכט־שיף ביים ברעג פון אַמור און אונטער זיין קאָמאַנדע וואַרפט מען אַריבער די קייט אויף דער פייער־איינגעהילטער זעג און מיט גרויס אָנשטרענגונג שלעפּט מען זי פון דאָרט אַרויס.

דאַן פאַרשווינדן אייניקע אין געדיכטן רויך און לויפן שנעל אַרויס זיך שטיקנדיק פאַר לופט, מיט עפּעס אַ שטיקל געראַטעוועטע טייל, אָדער געצייג פון דער זעגערייַ.

עטלעכע מיטליאַריקע פרויען שרייען מיט ווילדע קולות צו זייערע מענער, זיי זאָלן לויפן צום באַראַק העלפן אַרויסראַטעווען זייער ביסל אָרעם באַלעבאַטישקייט, אָבער אַלע האַלטן אין איין שרייען: — „זדעם וואַזשנעיע!” (דאָ איז נייטיקער), פאַרשווינדן ווידער אינעווייניק אין דער זעגערייַ אונטער די ווילדע געשרייען פון זייערע פרויען.

אין אַ שעה צייט איז אַלץ אויף דעם פּלאַץ פון באַראַק נומער דריי געווען אַ וואַלד פון אַש, קויל און פאַרבליבענע שלעסער און זאַוויעסעס פון טיר און פענצטער און פאַרשרפּהטע בלעכענע שפּייז־כלים, טעפּ, פענדלעך, גלאָזוואַרג און גרויסע שיסלען, אין וועלכע די פרויען האָבן געוואַשן די וועש, און פיל אַנדערע האַרטע ביסנס, וואָס דער פּלוצלינגער פייער האָט נישט געקאָנט פאַרדייען.

ווען אַלץ וואָס מ'האָט געשפּאַרט פון פייער פון דער זעגערייַ איז אַרויסגעראַטעוועט געוואָרן און דער רויך האָט שיטערער און נידעריקער

געפּויזעט אויף זיינע קני איבער די קוילן־פאַרבליבענע גרונטן פון פאַב־ריק, און חיים דער פייערלעשער מיט עטלעכע מיטהעלפער האָבן גע־גאַסן די לעצטע עמערס וואַסער אויף די אָפּשטאַרבנדיקע רויטע פונקען, ערשט דאַן זיינען די איינוואוינער פון באַראַק נומער דריי שנעל, אָן אָטעם, געלאָפן זען וואָס עס איז פאַרבליבן און וואָס דאָס פייער האָט אויפגעפרעסן.

— „אָט איז אַן אַרבל פון מיין בלויען גאַרניטור“, האָט ספּאַרטיש און מיט ווייטיק אַרויסגעזאָגט ראַדזיאַנקאָוו, דער מעכאַניק פון דער זעגעריי.

— „מיין וועש, די קאָלדרע און מיין לעניך־ביבליאָטעק“, — האָט אַרויסגעקרעכצט בערמאַן, דער פינסקער זעגער.

נאָך אַ פּאָר שעה האָבן זיך די נשרפים געפּאָרעט אַרום די מזלדיקע האַרטע קופערטס. וואָס פּשוטער און פּראָסטער אַלץ זיכערער איז די אַרעמשאַפט געווען.

די פרויען האָבן געמאַכט אַ סך־הכל מיט האַלבן אומעט און זאָרג, און די מענער האָבן כמעט ווי אַלע זיך געוויצלט. פיליכט צוליב צרות רבים חצי נחמה.

— „אַבי מ׳איז לעבעדיק געבליבן, די זעג אַרויסגעראַטעוועט, דעם טראַקטאָר אָוועקגעפירט. האַלץ איז פאַראַן גענוג אין די טייגער וויל־דע וועלדער און הענט האָבן מיר און די פורן און פערד זיינען נישט פאַרברענט געוואָרן“.

— „גם זו לטובה!“ — וויצלט זיך יאַשקע פון סמאָלענסק איבער זיין קרעכצנדיקער פלונתטע. ער פאַרבינדט זיך מיט זיין מויל און לינקער האַנט זיין רעכטע האַנט, וואָס ער האָט צעקלאַפּט פון פאַלנדיקע שטי־קער האָלץ פון דער זעגעריי, בינדט און וויצלט זיך, זיינען די קרעכצן פון זיין יונגער פרוי אויך מילדער געוואָרן און זי האָט אויך אָנגעהויבן לאַכן מיט טרערן אין די אויגן.

— „ער פרייט זיך וואָס זיין מאַמע האָט אים געהאַט“, — ווענדט זי זיך צו אַ שכנטע, וועלכע האָט אַרויסגעשלעפּט פון די האַלעוועשקעס אַ פּרימוס (אַ קיך־מאַשינקע).

— „אָט איז מיין הענטל פון האַק־מעסער און מיין אודאַרניקס (שלאָג־לער) פּאַרנאַסקעס, און אַ טינטער אַן אויסגעטריקנטער און אַ קוקאַרנע פון אַ רויטאַרמייאיש היטל און אַ בלעכענער צייכן פון אַ קאָמסאָמאָל. אַלע קלייבן צונויף וואָס נאָר איינע זעט און קאָן. מען לייגט דאָס

צונויף אין איין קופקע און בערטשיק דער חלוץ פון פאלעסטינע, זעענ־דיק ווי די ווייבער ווערן שוין אביסעלע רואיקער, ווענדט ער זיך צו די אנדערע:

— „נישט געזאגט, חברים, אט מאך איך א רבנן־קדיש און עס וועט אלץ ווידער גוט זיין".

שטיל און שטיפעריש פארגלאצט ער זיינע גרויסע, טונקעלע, לעבע־דיקע אויגן, מאכט א פאר גרימאסן און זינגט זיך אונטער מיט א סאַ־פראנא שטים, מעשה בעל־תפילה:

— „יתגדל ויתקדש שמיי רבא".

עולם לאכט אביסעלע אונטער מיט טיף־אינעווייניקסטע טרערן אין די אויגן. די פרויען גיבן נישט־ווילנדיק אויך א שמייכל, מיט פאר־פרעסטע ליפן.

ס'ווערט שטילער און רואיקער. ס'פארמירט זיך א קאמיסיע און מ'טיילט איין יעדן וואו צו שלאפן, אבער שלאפן גייען נישט אלע.

דער זאווכאז און זאווקאנטאר (פארוואלטער פון ראטווירט און פון קאנטאר), דער סעקרעטאר פון ראבקאם (ארבעטער־קאמיטעט) האבן גערעדט א האלבע שעה. אייננטלעך ניט גערעדט האבן זיי, נאר גלייך צעטיילט די ארבעט, צונויפגענומען אזוי פיל הענט ווי מעגלעך און אינ־מיטן דער נאכט, נאך אזא שווערן טאג, ווען די האלב־פארצווייפלטע, מידע און צעבראכענע עלטערע פרויען, קינדער און קרעכצער האבן זיך געווארפן אויף זייערע נייע געלעגערס, האט זיך שוין געהערט דאס הויך רעוועס פון דער ארויסגעראטעוועטער זעג. קלעפ פון האמערס, דלאט און האק האבן זיך אריינגעריסן דורך די שפאלטן אין די באראקן און הייזער און אנגעזאגט די שוואכערע, אז דארט וואו ס'איז פאראן לעבן, יוגנט און ווילן קלאגט מען נישט אויף דעם פארגאנגענעם.

הונדערטער הענט האבן געשלעפט די אפגעברענטע ברעטער, אפגע־שארט די ציגל און ליים פון די איינגעפאלענע אויוונס, טאקע אונטער דער קאמאנדע פון חיימען און זכריהן, וועלכע האבן מיט עטלעכע שעה צוריק געפירט וואסער און געהאלפן ראטעווען וואס נאר מעגלעך.

א הויכער שמאלער קוימען איז פעסט און גראציעז געבליבן שטיין אויף דעם אפגערייניקטן פלאץ פון באראק נומער דריי, וואס איז דער איינציקער עדות פון דעם אייביקן סוד פון די אינעווייניקסטע רויטע צונגען.

# 12

## „אָפּגעצאָלט" אַ טאַטן

(דערציילונג)

שמחה בעריאַזאַוו איז געבוירן געוואָרן אין אַ קליין אוקראַאיניש דערפל לעבן קיעוו. פון קינדערווייז־אָן האָט שמחה בעריאַזאַוו געהאָלפן זיין פאָטער אברהם בעריאַזאַוו, וועלכער איז געווען אויג־ווי־אויג אין אויסזען און געבוי. ער, ווי זיין פאָטער, איז געווען איבער זעקס פוס הויך, ברייט־פלייציק מיט לאַנגע שטאַרקע הענט. זיינע אויגן, נאָז, ליפן, זיין קיילעכדיקער קאָפּ — אמת־מענעריש. אין זיינע שיינע ליכ־טיקע אויגן איז שטענדיק געווען אַ ליבער שמייכל צו זיינע נאָענטע, טאַטע־מאַמע, קרובים און באַקאַנטע איז געווען אַ פּאָזיטיווער, אַ זיכע־רער, אָן וועלכע עס איז ספקות.

האָט ער ווען געזאָגט, אַז ער וועט עס טאָן, איז דאָס געווען ווי גאָט אַליין וואָלט דאָס געזאָגט. זיין וואָרט צו אַ חבר, אַ פריינט איז געווען ווי אַ געטלעכער געבאָט. אַלע זיינע אַרומיקע האָבן אים ליב געהאַט ווי אַן אייגן לייבלעך קינד.

שמחה בעריאַזאַוו איז שוין דאַן געווען אַ דערוואַקסענער בחור. אַט־אַט און מ'רופט אים צו מיליטער, און דאָס ערגסטע פאַר שמחהן וואָלט געווען צו מושטירן, האַלטן אַ ביקס אין האַנט, צו הרגענען אַ צווייטן און אַליין געהרגעט ווערן.

עס איז נישט זיכער צי זיין פאָטער אברהם האָט פאַרלאָזן דאָס דאָרף וואו ער איז געבוירן געוואָרן צוזאַמען מיט דער גאַנצער פאַמיליע, אוועקצופאָרן אין דער גרויסער שטאָט קיעוו, בכדי שמחה זאָל אַלס דער־וואַקסענער זען די גרויסע און שיינע שטאָט קיעוו, מיט אירע רייכע און ברייטע בולוואַרן, גערטנער, סעדער, דענקמעלער, און פון דער אַנ־דערער זייט, אָרונטערקוקן אונטן און זען דעם פּאָדאָל, וואו יידן טאָגן נישט, נאָר נעכטיקן. זיך באַקענען מיט גרויסשטאָטישע מענטשן און זען אַז דאָס לעבן איז נישט נאָר דאָס פעלד, דער וואַלד, דער שפּייכ־לער און די שטאָל. זען ווי מענטשן טומלען זיך, האַנדלען און וואַנדלען,

זאָרגן זיך טאָג־איין טאָג־אויס פאַרן לעבן. וואו יעדער טאָג איז אַן אַנ־דער טאָג, אַן אַנדער געשעעניש, און נישט ווי אין דאָרף, וואו דער היינט איז ווי נעכטן, און דער מאָרגן איז ווי היינט.

זיין הויפּט אויסבייטן דאָס לעבן פונעם דאָרף אויף דער שטאָט איז געווען אין זיין מוח, אַז שמחה זאָל געפינען אַ וועג, אַרויסצופּלאָנטערן זיך פונעם געוועב, דעם פּריזיוו, וואו אָט־אָט וועט ער זיך מוזן אַריינ־וועבן אין דעם געוועב פון ווערן אַ סאָלדאַט.

כאָטש שמחה אַליין, זייענדיק אין די פּריזיוו־יאָרן, האָט פילייכט נישט געוואוסט, נישט געטראַכט און וועגן דעם אפשר פאַרגעסן, ווייל פאַראיאָרן איז געווען ווי היינטיקן יאָר, מיט אַלע פּיטשעווקעס ווי היינטיקס יאָר, און איבעראיאָר וועט זיין ווי היינטיקס יאָר. זיין לעבן האָט זיך גערוקט און איבערגערוקט אַן קיין געוואַלדיקער געשעעניש און אַן קיין צוקונפטיקע חלומות, פאַרלאַנגען און אַנדערשקייטן.

עס איז אמת, אַז שמחה איז אויסגעוואַקסן אין די יאָרן פון די ביאַליס־טאָקער, אָדעסער, קישענעווער און אַנדערע פּאָגראָמען, פון וועלכע שמחה האָט פון צייט־צו־צייט געהערט ריידן אויפן מאַרק, אין גאָס, אָדער צופעליק איבערגעלייענט אין אַ צייטונג פון ווילנע, וואָס איז רעלגמעסיק אָנגעקומען צו אַ שכן, וועלכער האָט דאָס איבערגעגעבן מיט גרויס ווייטיק צו אברהמען, וועלכער האָט איינגעשמידט זיין ווייטיק אין זיך און קיינמאָל נישט איבערגערעדט מיט שמחהן, ווייל ער איז גע־ווען זיכער, אַז שמחה וועט דאָס נישט פאַרשטיין; איז צו וואָס אַריינ־וועבן אין אים אַזעלכע שוידערלעכקייטן?!

אין דאָרף האָט שמחה געטאָן אויף דער פאַרם און אַרום דעם הויז אַלץ וואָס מען האָט באַדאַרפט.

— „גאָלדענע הענט”, — פלעגט די מאַמע זיינע עטלעכע מאָל אַ טאָג זאָגן, ווען זי האָט זיך צוגעקוקט ווי שמחה האַקט אונטער אַ בוים, צע־זעגט און צעשפּאַלט אים אויף קלענערע טיילן, הובלט און שטעלט צו־נויף אַ וואַנט צו אַ וואַנט און העלפט אברהמען בויען די קליינע הייזקע פאַר דער פאַמיליע.

ווען די פאַמיליע איז גרעסער געוואָרן און די צוויי יינגערע שוועס־טער זיינען אונטערגעוואַקסן, האָט מען באַדאַרפט צובויען נאָך אַ צי־מער, האָט שמחה, שוין ווי אַ געניטער בעל־מלאכה, צוזאַמען מיט זיין טאַטן צוגעבויט דעם צימער, פאַרגרעסערט די קיך, צונויפגעקלאַפּט

נאָך אַלמערס פאַר די קליידער, וואָס פלעגן פריער הענגען אויף די ווענט אין אַלקאָוו, און האָט איצט פאַרגרעסערט און פאַרשענערט דאָס הויז.

ווען די פאַמיליע איז אָנגעקומען קיין קיעוו, האָט אברהם מיט זיין פרוי דבורה, אויפגעעפנט אַ בשמים־קרעמל און עס האָט זיך אָנגע־הויבן אַ ניי לעבן פאַר זיי.

טאַטע־מאַמע האָבן געזאָרגט, אַז עס זאָל זיין גענוג חיונה און שמחה האָט זיך געוואָרפן פון איין אַרבעט צו אַ צווייטער. ער האָט געקאָנט אַ סך מלאכות. ער האָט געקאָנט אַרויסהעלפן אין סטאָלעריי, מאַלעריי, צעמענטעריי און פיל אַנדערע אַרבעטן. אָבער זעלבסטשטענדיק טאָן אַ פולן טאָג אַרבעט אַליין האָט ער נישט געקאָנט. דערפאַר האָט ער זיך געמוזט וואַרפן דאָ אויף איין אַרבעט און דאָ אויף אַן אַנדערער. דאָס געהאָלט איז געווען אַ גאַנץ קלאָגעדיקס. אָבער דאָך האָט עס אַרויסגע־האָלפן דאָס הויזגעזינט.

ביידע שוועסטער, לאה און ביילקע זיינען געוואַקסן ווי שיינע בלומען. זיי זיינען געווען שיין, רייצנדיק און חנעוודיק. זיך געלערנט גוט און געקראָגן די בעסטע אויסצייכענונגען.

ביילקע, די עלטערע, האָט חוץ זיך גוט לערנען, אויך אויסגעגאַנגען מיט אַ סוחרס אַ זון, וועלכער האָט איר אין אַ געוויסן טאָג געגעבן דעם לעצטן קוש און איז אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע.

ביילקע האָט געוואוסט אַז ער קלייבט זיך אַוועקצופאָרן, ווייל ער האָט איר באַוויזן אַ „פּאַוועסטקע", וואו מען רופט אים זיך צו שטעלן צום דינסט. זי האָט אויך געוואוסט, אַז זי טאָר דאָס קיינעם נישט דער־ציילן, אַפילו ניט איר אייגענעם ברודער, וועלכן ער האָט זייער ליב גע־האַט און געשעצט.

אין אַ פאַר וואָכן שפּעטער האָט זי דערהאַלטן פונעם בחור אַ קליין בריוועלע, מיט האַרציקע קושן און הייליקע ברכות און גרוסן צו דער גאַנצער פאַמיליע, און איבערהויפּט אַ האַרציקן גרוס איר ברודער שמחה, און אַז ער טראַכט שוין ווי אַזוי שמחה זאָל פּטור ווערן פון פאָניע גנב און קומען קיין אַמעריקע. ער ווייסט, זאָגט ער, אַז שמחה מוז זיך אָנ־שטרענגען, ווייל גאָר אינגיכן וועט קומען זיין צייט . . . ווען מ'וועט אים רופן אַהין וואו מ'האָט אים גערופן . . .

ער האָט נאַטירלעך אינעם גאַנצן בריוו נישט דערמאָנט שמחהס

נאמען. נאר ער האט דאס אזוי ממזריש געשריבן, אז אלע האבן זיך גע־כאפט וואס ער מיינט.

⁘ ⁘ ⁘

שמחה איז שוין געווען אין אמעריקע פיר צענדליק יאר. ער איז גע־קומען אין מיטל־מערב, און ווי פיל אנדערע פון זיין דור, זיך געווארפן ווי א פיש אין דער נעץ, צו מאכן א לעבן.

די צוויי „גאלדענע הענט" האבן כמעט אלעמאל וואס געטאן. זיינע באלעבאטים זיינען געווען צופרידן מיט אים. אבער ער, שמחה, האט אלץ נישט געקאנט זיך דערשלאגן צו א מענטשלעך לעבן.

ער איז אריינגעפאלן אין א פיינער באלעבאטישער משפחה און זיך פארליבט אין א שיין מיידל און לאנג איז מען נישט „אויסגעגאנגען". מען האט געהייראט און ס'איז געקומען א דריטער זון. צוויי יינגלעך — בילי און איזי, צוויי יונגע דעמבעס, ווי זייער טאטע און דער זיידע.

איזי, דער עלטערער, האט זיך גוט געלערנט און איז געווארן א דאק־טאר, א זייער פייאיקער, מיט א פיינער פערזענלעכקייט, אי אלס דאק־טאר, אי אלס מענטש. אט־אט וועט ער קאנען אנקלאפן א קליין שילדל: ד"ר בילי בעריאזאוו און זיין צוקונפט וועט זיין פארזיכערט.

אבער די אוממענטשלעכע אכזריותדיקע מלחמה האט אים, ווי פיל אנדערע אין זיין שטאנד, נישט אויסגעמיטן און פארשלעפט אויף די פארדאמטע שלאכטפעלדער, זיך צו שלאגן, הרגענען און אליין דער־הרגעט ווערן. מען האט אים דערציילט פארן אפפאר צו די שלאכטן, אז מ'שיקט אים אהין אלס דאקטאר צו העלפן די פארוואונדעטע און צע־מזיקטע סאלדאטן, וועלכע זיינען געשיקט געווארן צו ראטעווען זייער לאנד אמעריקע.

לאנג איז ער דארט נישט געבליבן געזונטערהייט. א יאפאנישע שפיז האט אים דורכגעלעכערט ביידע באקן און נאך לאנגע חדשים אין פאר־שיידענע שפיטאלן און אפעראציעס איז ער ארויס מיט אייביקע צייכנס אויף זיין געזיכט.

ווי ער אליין דערציילט וועגן זיך, וואס האט אים באוואויגן צו ווערן א קאטאליק, הייראטן א קאטוילישע קראנקנשוועסטער, וועלכע איז אים געווען א גוט ווייב, געהאט מיט איר א האלבן טוץ קינדער און זיי אלע־מען אנגעטאן גרויסע זילבערנע צלמים ארום די העלדזער.

ווען ער איז א דורכגעשטאכענער אויף ביידע באקן געלעגן און זיך

געראַנגלט מיטן טויט, האָט ער דערזען דאָס געזיכט פֿון קריסטוסן און דייטלעך געהערט זיין שטים: „גיב זיך נישט אונטער! קעמף! שטאַרק זיך! דו'סט לעבן! גיב זיך נישט אונטער!..."

ער דערציילט דאָס זיינע נאָענטע פֿריינט מיט אַזאַ ערנסטקייט, אַז מען גלויבט אים. פֿילייכט, פֿילייכט, פֿילייכט...

דער ייִנגערער ברודער בילי איז געווען זייער פּאָפּולער אין סקול, נישט חלילה ווייל ער האָט געהאַט אַ שאַרפֿן מוח צום לערנען, נאָר ווי דער בסעטער 'בעסקעטבאָל'־(קארב־פּילקע) שפּילער. ער איז געווען אַזוי הויך און מיט זיינע לאַנגע הענט, האָט ער זיך נאָר געשטעלט אויף די שפּיץ פֿינגער און די פּילקע איז שוין אַריין אין קערבל. קיינער האָט זיך נישט געקאָנט פֿאַרגלייכן מיט אים אין דער שפּיל.

ער איז געווען אַ פֿייערלעשער, דער איינציקער ייד אַ פֿייערלעשער, נישט נאָר אין זיין בריגאַדע, נאָר פֿילייכט אין דער גאַנצער שטאָט. די פֿייערלעשער האָבן אים זייער ליב געהאַט, ווייל אַ חוץ אַ גוטער פֿון נאַטור, האָט ער פֿאַרמאָגט די „גאָלדענע הענט" פֿון זיין טאַטן און געקאָנט טאָן אַלץ וואָס מ'האָט באַדאַרפֿט. ער איז געווען אַ מייסטער אין עלעקטריציטעט, פֿאַרריכטן אַ מאָטאָר, אַן אויטאָמאָביל, פֿאַרשטאָנען פּלאָמבעריי, מאָלן, בויען און וואָס נישט?

ער, ווי זיין עלטערער ברודער דער דאָקטאָר, האָט געהייראַט, איז אַריינגעפֿאַלן צו אַ ייִדענע, אַ ייִדיש־רומענערקע, אַ ראָמאַנטישע יונגע פֿרוי מיט אַ פּוסטן קאָפּ, אָן אַ האַרץ און מוח. איר גרעסטער פֿאַרגעניגן און צייטפֿאַרטרייב ווען בילי האָט געאַרבעט איז געווען שפּילן אין קאָרטן מיט אירע שכנים, יעדן טאָג אין אַן אַנדער הויז. דאָ האָט זי זיך באַקאָנט מיט אַ זייער ביליקן געשמאַק צו מעבלירן דאָס הויז, אָנצוקויפֿן נישט־נייטיקע און קאָסטבאַרע שמאָכטעס, געשמאַקלאָזע בילדער מיט ברייטע גאָלדענע ראַמען, גראָבע גאַרדינען פֿאַר די פֿענצטער, דער דיל האָט געדאַרפֿט זיין געדעקט מיט קאַרפּעטן פֿון וואַנט־צו־וואַנט און אויף דעם נאָך שמאָכטעס אַרויפֿגעלייגט. די סאָפֿע און שווערע שטולן אין פֿאָדערשטן צימער זיינען געווען איבערגעצויגן מיט אַ גראָבן שטאָף און איבער דעם אַ גראָבע פּלאַסטיק, אַזוי אַז קיינער האָט זיך אויף דעם נישט געקאָנט זעצן.

און בילי האָט געדאַרפֿט, אַ חוץ אַריינאַרבעטן אַ טאָג אין דער פֿייער־

סטאַנציע, אויך אַרבעטן סוף־וואָך, שבת און זונטיק, ביי אירן אַ קרוב אין אַ געשעפט פון עלעקטרישע מאַטעריאַלן.

ווען נישט די עטלעכע דאָלער וואָס עס איז אַריינגעקומען פון זיינע איבערשעהן אַרבעט, וואָלט אים קוים געבליבן צו באַצאָלן פאַרן מאַרט־געידזש, שוין אָפּגערעדט פון די טעקסעס, וואָס מען האָט געמוזט באַצאָלן יעדן האַלבן יאָר.

די צוויי יינגלעך זייערע האָבן קיין רו נישט געפונען אין הויז און געזוכט צו פאַרנוצן זייער ענערגיע אין גאַס. עס איז געווען אַ קריסט־לעך און צופעליק אַז אַנטיסעמיטישע געגנט און נישט איינמאָל זיינען די יינגלעך געקומען אַהיים פאַרשמירטע און פאַרבלוטיקטע. די יינגלעך מיט וועמען זיי האָבן זיך געמוזט שפּילן, פלעגן זיך אָפּט מיט זיי צע־קריגן, זיי ממיתן און געשריען, אַז די יידן האָבן געקרייציקט זייער גאָט יעזוסן און דערפאַר זיי אַריינגעשטעקט נישקשהדיקע קלעפּ.

דאָס איז געווען מיט דריי צענדליק יאָר שפּעטער, ווען שמחה האָט פאַרלאָזן דאָס קליין שטעטל. צוויי בריוו האָט ער געשריבן זיינע טאַטע־מאַמע. איין בריוו ווען ער איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע און די צוויי־טער ווען ער האָט געהייראַט.

שמחה האָט זיך אָנגענומען מיט כוח, אָנגעקליבן עטלעכע הונדערט דאָלער און איז געפאָרן, אַלס טוריסט, אין סאָוועטנפאַרבאַנד, געפאָרן קיין קיעוו אויסצוגעפינען זיינע קרובים, איבערהויפּט טאַטע־מאַמע און שוועסטער. איין שוועסטער האָט ער נאָך געפונען. זי האָט אים מיט גרויס האַרצווייטיק איבערגעגעבן, אַז די עלטערן זיינען לעבעדיקערהייט אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין די גרובנס אין באַבי־יאַר. . .

שמחה איז געוואָרן אַ מיטגליד אין אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־אָרדן. ווען ער פלעגט קומען פון מיטינג, פלעגט ער ברענגען אַ יידישע צייטונג, וואָס זיי האָבן צוזאַמען געלייענט און דיסקוטירט די לעצטע סאָציאַלע געשעענישן. איינמאָל ביי אַזאַ איבעררעדעניש האָט שמחה געזאָגט צו מערין: —„אונדזער הייזקע איז שוין כמעט אַז אויסגע־צאָלטע. מיר האָבן צוויי טויזנט דאָלער אָפּגעשפּאָרט. ווי וואָלט געווען, ווען מיר זאָלן אויסלייען בילין די צוויי טויזנט דאָלער ער זאָל זיך קויפן אַן אייגענע הייזקע אין אַ בעסערן געגנט און די קינדער זאָלן נישט האָבן צו טאָן מיט די מזיקים וואו זיי וואוינען איצט?” — און דערביי צוגע־לייגט דעם חלום, מיט וועלכן ער טראָגט זיך שוין אַרום די לעצטע

יאָרן: פֿאַרקויפֿן זייער אייגן קליינע הויז און זיך באַזעצן אין פּעטאַלו־מאַ, „דהי עג־בעסקעט" (די אייער־קאָרב) וואָס געפֿינט זיך אַרום 45 מייל פֿון דער שיינער שטאָט סאַן־פֿראַנציסקאָ.

ווען זיי האָבן וועגן דעם גערעדט פֿלעגן זיי זיך אויפֿטרייסלען פֿאַר פֿרייד, אַז זייער חלום קאָן פֿאַרווירקלעכט ווערן ווען די קינדער וועלן שוין באַזאָרגט זיין. זיי וועלן פֿאַרקויפֿן דאָס הויז און זיך אַריבערפּעק־לען מיט האַק און פּאַק און ער, מיט זיינע „גאָלדענע הענט" און זי מיט איר פֿיינער באַלעבאַטישקייט, וועלן זיכער זיך אויסלעבן זייער גוט.

ווען זיי האָבן גערעדט וועגן דעם האָט זיך דער אמתער ריח פֿון זייער געוועזענעם דאָרף, פֿון זייערע פֿעלדער, גאָרטן, וועלדל און טייכל, אָנ־געפֿילט זייער קליין באַשיידן צימער וואו זיי זיינען געמיטלעך געזעסן און גערעדט וועגן דעם.

ער איז אַריין אין אַ ריעל־עסטייט אָפֿיס און מיט צוויי וואָכן שפּעטער איז זיין הויז פֿאַרקויפֿט געוואָרן פֿאַר אַ גוטן פּרייז און אין גאַנצן אין מזומן.

זיי זיינען אין זייער אייגענער מאַשין אַוועקגעפֿאָרן קיין פּעטאַלומאַ, זיך נאָכגעפֿרעגט ביי פֿיל פֿון זייערע נאָענטע פֿריינט, חברים און כמעט אַלע אין זייער עלטער. אַלע האָבן צוגעגעבן, אַז זיי זיינען שוין דאָרט, ווער מער, ווער ווייניקער, יאָרן לאַנג און אַז זיי האָבן נישט קיין חרטה, כאָטש קיין גבירים זיינען זיי נישט געוואָרן, אָבער אויף אַז ערלעכן, שיינעם לעבן פֿאַרדינען זיי פֿון זייער פּראַצע.

זיי האָבן שמחהן געהאָלפֿן זוכן און געפֿונען אַ שיין־פּאַסיק, כמעט נייע הויז, מיט גענוג לאַנד פֿאַר אַ גענוגנדיקער צאָל הינער. שמחה מיט מעריין האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט און אַלץ איז געגאַנגען גוט.

האָט פּאַסירט גראָד יענעם יאָר אַ נישט־דערוואַרטעטע מגפֿה און פֿיל הינער זיינען קראַנק געוואָרן און פֿיל זיינען אויסגעשטאָרבן. ביי שמחהן זיינען געפֿאַלן אַ פֿאַר הונדערט הינער, גראָד אין אָנפֿאַנג פֿון איינשטעלן זיך. שמחה האָט פֿאַרלאָרן זיין גלויבן, זיין גאַנצע האָפֿענונג פֿון איינ־לעבן זיך אין אַ פֿיינער סביבה מיט אַ נאַטירלעכן שיינעם לעבן, וואָס ער האָט דערפֿון געטרוימט לאַנגע, לאַנגע יאָרן.

אינעם שטעטל איז געוואָרן גאָר אַ ניי לעבן. די וועלכע האָבן שוין דאָרט געוואוינט אַ לאַנגע צייט און האָבן שוין איבערגעלעבט עפּעס ענ־לעכעס, האָבן דאָס גענומען מער אָדער ווייניקער ווי אַן איבערגאַנג,

אַבער פֿאַר די ניי־געקומענע איז דאָס געווען אַ שרעקלעכע פּלאָג און אַ גרויס אומגליק. דערצו האָט זיך איינער פֿון זייערע נאָענטסטע פֿריינט אויפֿגעהאַנגען. דאָס האָט אַריינגעוואָרפֿן שׂמחהן אין אַ געפֿערלעכער מרה־שחורה, אַזוי ווי ער וואָלט זיין גאַנץ לעבן פֿאַרלוירן.

שׂמחה, וועלכער איז שוין געוואוינט געווען אויפֿשטיין פֿרי, מיט דער זון צוגלייך, מיט יום־טובדיקער שטימונג, מיט זיינע „גאָלדענע הענט" צו טאָן די אַרבעט, אַנגרייטן שפּייז פֿאַר די הינער, צונויפֿקלייבן די אייער, ריין מאַכן די שטייגלעך זייערע, וואַשן, וועגן און צוגרייטן די אייער, אַז זיי זאָלן אַוועקגיין אין דער קאָאָפּעראַטיוו, האָט מיטאַמאָל זיך פֿאַרלאָרן, ער האָט זיך נישט געקאָנט רירן פֿונעם אָרט און האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים פֿענצטער, אַרונטערגעלאָזט זיינע „גאָלדענע הענט" און ווי אין אַ פֿרעמד־פֿאַרלוירענער וועלט, אַזוי טאָג־איין טאָג־אויס, פֿון אינדערפֿרי ביז שפּעט אין דער נאַכט.

מערי איז געזעסן לעבן אים און שיעור פֿון זינען נישט אַראָפּ, נישט געוואוסט וואָס צו טאָן, מורא געהאַט, אַז שׂמחה זאָל נישט אַראָפּ פֿון זינען. ער האָט זיך נישט צוגערירט צו קיין אַרבעט. ער האָט געהאַלטן אין איין קוקן אויף די הינער־שטייגן, אויף זיין פֿאַרלוירענער און פֿאַר־גייענדיקער שווערער פּראַצע, אויף זיין מערי און אויף זיך, קוים אויס־געערדט אַ וואָרט צו זיינע נאָענטע פֿריינט און צו זיין ליבער מערין.

מערי איז געקומען צו אַ באַשלוס, אַז דאָס שיין־איינגעפֿונדעוועט הויז, די פֿאַרם, מיט אַלץ וואָס איז דאָרט פֿאַראַן, מוז פֿאַרקויפֿט ווערן און אַז מ'מוז צוריק אַהיים פֿאָרן און זיך נעמען צום אַלטן לעבן, און מיט ווייטיק אַרויסשלאָגן פֿון קאָפּ די שיינע חלומות.

האָט פּאַסירט, אַז אַ ניי־געקומענער פֿון די דייטשע לאַגער־יידן, וועל־כער האָט זיך געראַטעוועט פֿון די היטלער־קעמפּס און האָט געוואָלט פֿאַרזעצן זיין פֿאַרמער־לעבן פֿון דער אַלטער היים, האָט דאָס אָפּגע־קויפֿט מיט אַ קליינעם איינצאָל און אַ לאַנג־יאָריקן מאָרטגעידזש.

שׂמחה און מערי האָבן צורעכט געמאַכט זייער אַלט פֿאַרדל, מיט וועלכן זיי זיינען אַהער געקומען און צוריק אַוועק אין דער אַלטער היים, פֿונ־וואַנען זיי זיינען מיט ווייניקער ווי אַ יאָר צוריק אַהער געקומען.

איז צו וועמען פֿאָרט מען צו? עס איז זיי געווען אַ חרפּה צו קומען אין דערזעלבער גאַס, אין דער זעלבער נאַכבאַרשאַפֿט זיך ווידער איינ־שטעלן מיט אַ ניי לעבן; און צו וואָס טאַקע נעמט מען זיך?

געלט איז געווען ווייניק. געזונט נאָך ווייניקער. עס האָט זיך זיי געדוכט, אַז זיי זיינען מיט הונדערט יאָר עלטער געוואָרן. איז געבליבן נאָך גרויס האַרצווייטיק, אַז מען זאָל צופּאָרן צו בילן. ער האָט דריי שלאָפצימערן, צוויי קלענערע צימערן פאַר זייערע צוויי קינדער און איין גרעסערן צימערן פאַר בילן מיט זיין פרוי. מען קאָן צוזאַמענפּאָרן די צוויי דערוואַקסענע יינגלעך אין איין צימער אויף אַ פּאָר טעג, ביז וואַנען זיי וועלן וואָס געפינען.

צוגעפּאָרן. די שטוב איז פאַרמאַכט. און אפילו ווען שמחה זאָל געפינען אַ וועג, מיט זיינע „גאָלדענע הענט" אַריינצוגיין אַהין, וואָלט ער דאָס נישט געטאָן. עס וואָלט געווען אַ געפערלעכער סקאַנדאַל בנוגע זיין שנור, ווען זי זאָל זיי, שווער און שוויגער, געפינען אומדערוואַרט ביי זיי אין הויז.

שמחה און מערי זיינען געווען שרעקלעך מיד. זיי האָבן זיך אוועקגע־זעצט אין געהאַקטע וואונדן, צעווייטיקטע און דערצאַרנטע אויפן קליי־נעם גאַניקל און געוואַרט. שמחה צערטלט מעריז און גיט איר האָפע־נונג, אַז אַלץ וועט זיך איינשטעלן און עס וועט ווידער זיין גוט, אַבי געזונט. מען דאַרף זיך שטאַרקן, נישט אַראָפּפאַלן ביי זיך...

שמחה דרייט זיך אַרום אויף עטלעכע גאַסן. אויסגעקרענקט פון די פינצטערע מחשבות, וואָס מאַטערן אים. אוועקגעשלעפּט זיך קיין פּע־טאַלומאַ מיט אַזעלכע בריליאַנטענע חלומות און אַלץ איז צערונען... געקומען אַז אומגליק — זיינע יאָרן־לאַנגע חלומות פאַרשניטן און ער איז ווידער דאָ, ווי אַ ניי־אַנגעקומענער, ווי אַ נייער עמיגראַנט, ערשט איצט פון שיף אַראָפּ. צוויי דורות דערצויגן און דאַרף ערשט איצט אָנ־הייבן אויף דער עלטער, אַ ניי לעבן בויען. נישט־ווילנדיק האָט זיך אין זיין אויסגעמאַטערן מוח אַריינגעריסן דאָס בילד פונעם געהאַנגענעם יידישן פאַרמער אין פּעטאַלומאַ . . .

די קינדער זיינען געקומען, און כאָטש זיי האָבן שוין געוואוסט וואָס מיט זיי האָט פּאַסירט, דורך אַ בריוו וואָס שמחה האָט צו זיי געשריבן, זיינען זיי ווייניק איבערראַשט געווען, נישט געזאָגט קיין פריינטלעכן „העלאָ" און גאַרנישט נישט געפרעגט. עס האָט זיך נישט געפילט קיין נאָענטקייט נישט פון זיין זון און נישט פון דער שנור.

מען האָט זיי אַריינגערופן אין הויז. מ'האָט גערעדט פון פאַרשיידענע נישט געשטויגענע זאַכן, אָבער נישט געפרעגט און נישט דערמאָנט,

וואו טאטע־מאמע וועלן נעכטיקן היינטיקע נאַכט, אָפּגערעדט שוין וועגן מאָרגן. מ׳האָט אַ גאַנצע האַלבע שעה נישט פאַרגעלייגט קיין גלאָז טיי, אָדער עטוואָס צובייסן. און ווען עס איז יאָ אָנגעקומען די פראַגע וועגן שלאָפן ביי זיי, האָט די שנור אויפגעפּענט דאָס מויל און אַרויסגעזאָגט אַלץ אויף איין מאָל, אַז טעדי מוז האָבן זיין צימער און דזשאַני זיין צימער און זיי מוזן דאָך אוודאי האָבן זייער צימער, און וועגן פאָדערשטן צימער, וואו עס שטייט אַ גרויסע סאָפע, געגוג פאַר צוויי צו שלאָפן, איז קיין רייד נישטאָ. די סאָפע איז באַפּוצט מיט אַ דיקער באַפּוצעכץ און איבער דעם אַ דורכזיכטיקע פּלאַסטיק, און דאָ איז קיינער קיינמאָל נישט געשלאָפן און וועט נישט שלאָפן כּל־זמן זי איז די באַלעבאָסטע פונעם הויז . . .

בילי האָט די גאַנצע צייט געשוויגן און קיין וואָרט נישט אַרויסגע־לאָזט פון זיין מויל.

מערי איז פאַרציטערט געוואָרן און שיעור נישט דערשטיקט געוואָרן פון חרפּה און באַליידיקונג פאַר זיך און שמחהן. זי האָט זיך נעענטער צוגערוקט צו שמחהן און אָנגעשפּאַרט איר צעוויינטיקטן קאָפּ אויף זיין ברוסט און ווי פאַרשטומט געוואָרן.

ס׳איז זייביידן באַפאַלן אַזאַ שוואַכקייט אין זייערע הערצער, אַזש צום חלשן. ווען די ערד וואָלט זיך איצט געעפנט פאַר זיי און ווען אַ בייזער ווינט אָדער אַ שרעקלעכער אוראַגאַן וואָלט אָנגעקומען און זיי ביידן פאַרצוקט, וואָלטן זיי זיך געפילט נישט ערגער, ווי פון דער פּראַסטקייט זיי הייסן גיין וואו זיי ווילן, און אַז דאָ איז פאַר זיי נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר אַ פאַר שעה זיך אָפּצורוען . . .

שמחה האָט נישט געזען דעם געהאַנגענעם יידישן פאָרמער אין פּע־טאַלומאַ, און נישט געהערט זיינע קרעכצן פון מאַטערניש אין די מינוטן ווען ער האָט זיך גענומען דאָס לעבן . . . אָבער איצט האָט שמחה געזען און געהערט דעם ווי פונעם געהאַנגענעם, די געשרייען און קלאָגן פון זיינע נאָענטע, קרובים און משפּחה . . .

עס האָט שמחהן אָנגעהויבן עגבערן אין זיין מוח — אפשר . . . אפשר . . . זיך ה־ע־נ־ג־ע־ן . . .

יאָ, אַזוי האָט אָפּגעצאָלט זיין זון דעם חוב זיינע אַלטע טאַטע־מאַמע.

# 13

## פאַרשפּעטיקט

(דערציילונג)

ר׳ זרח איז געווען איינער פון די צען אַרבעטער אין דער דרוקעריי, וועלכער איז געווען אַ שומר־שבתניק. ער האָט געטראָגן אַ זויבער־ריינע שוואַרצע יאַרמולקע אויף זיין שפּיציקן קליינעם קאָפּ. ער איז גע־ווען זייער פרום. זינט ער איז געקומען קיין אַמעריקע, אַפילו אין גרויס נויט, האָט נישט מחלל שבת געווען. ביי אים אין הויז האָט מען דעם טעלעפאָן נישט געענטפערט פון פרייטיק פאַרנאַכט און אַ גאַנצן טאָג שבת, אַפילו ווען ס׳זאָל ברענען די דרוקעריי, זיין הויז, אָדער די גאַנ־צע גאַס. ר׳ זרח איז געווען אַ מוסטער פון גאָטספאַרכטיקייט, נישט קיין היפּאָקריט; אַן אמתער למד־וואָווניק.

ער פלעגט אַלע יאָרן קומען צו דער אַרבעט דער ערשטער. רואיק, שטיל, באַשיידן. די שיך אָפּגעפּוצט, זיין אַנצוג ריין און געפּרעסט, אַ שוואַרצע גרויסע הוט, וואָס ער פלעגט אַראָפּנעמען נאָר דאַן, ווען ער איז שוין געווען איינגעטאָן איבערגעטאָן אין די אַרבעט־קליידער. ער פלעגט קיינמאָל נישט פאַרגעסן זיין פריינטלעכן, רואיקן גוטמאָרגן און גוטן־טאָג ביים אַוועקגיין.

אין אַלע זיינע יאָרן ביי דער אַרבעט האָט קיינמאָל נישט פּאַסירט, אַז ר׳ זרח זאָל פאַרפעלן אַ טאָג אַרבעט, חוץ איין איינציק מאָל, ווען זיין געראָטענע טאָכטער, אַ יידיש־וועלטלעכע לערערין, איז נאָך אַ לאַנגער קראַנקהייט, געשטאָרבן, און אַ צווייט מאָל — צו אירע שלושים, און אַ דריטן מאָל צו דער בר־מצווה פון זיין איינציקן אייניקל.

ביי דער זאַץ־מאַשין איז ער געווען אַזוי ערנסט, אַזוי פלייסיק, אַזוי ריין, אַזוי פאַרפאָלקאָמט. די זאַץ־מאַשין איז געווען זיין עולם־הזה און זיין פרומקייט — זיין עולם־הבא. אָפּגעטאָן זיין טאָג אַרבעט, אַוועק און געקומען צוריק. קיינמאָל קיינעם נישט קריטיקירט, קיינעם נישט באַרעדט, אָדער חלילה רכילות געטראָגן און זיך קיינמאָל נישט באַרימט פאַר קיינעם.

ווען אַ שרייבער אָדער אַ גאַסט פֿלעגט צופֿעליק צוקומען הינטער זיינע דאַרע, שפּיציקע פּלייצעס ווען ער פֿלעגט „גיסן" שורות, האָט ער דאָס נישט באַמערקט. זיינע אויסגעדאַרטע, שפּיציקע, אויסגעאַרבעטע פֿינגער האָבן זיך אַריבערגעוואָרפֿן איבער די קלאַווישן פֿון מאַשין, פּונקט ווי אַ פּיאַנאָ־ווירטואָז אויף די קלאַווישן פֿון זיין פּיאַנאָ. זעלטן האָט ער, דער אותיות־אַנכאַפּער, זיך אָפּגעשטעלט צו וואַרטן אויף אַ צווייטער אויסגעגאָסענער בלייענער שורה, וואָס זיינען געפֿאַלן איינע לעבן די אַנדערע, אַנפֿילנדיק די מעטאַלענע „גאַלי" ביז אַרויף.

ווען דער קאָרעקטאָר האָט געלייענט זיינע אָפּצוגן האָט ער זיך מחיה געווען. זעלטן געפֿונען אַ דרוקפֿעלער, חוץ אַ טעכנישער אָדער מאַשין־פֿעלער, אָבער נישט פֿונעם באַריר פֿון זיינע אויסגעאַרבעטע פֿינגער.

פֿון צייט־צו־צייט פֿלעגט אַ זעצער צוקומען צו אים מיט אַ כתב־יד און זיך עצהן מיט אים וועגן אַן אויסלייגעכץ, איבערהויפּט וועגן פּונק־טואַציע, אָדער אַ שווער לשון־קודש וואָרט, און ר' זרח האָט מיט פֿולער זיכערקייט אָנגעצייכנט דאָס ריכטיקע און זייער זעלטן באַמערקט, נאָך אַ קורצן טראַכטן, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ פֿון רעכטס אויף לינקס און פֿון לינקס אויף רעכטס: —„איך ווייס נישט!"

אַזוי האָט ר' זרח אָפּגעאַרבעט יאָרן און יאָרן. ווען מ'זאָל אים פּלוצים אָפּשטעלן אין שאַפּ, אין גאַס, אינדערהיים, אָדער אין שול און אים אַ שטייגער אַ פֿרעג טאָן: — „ר' זרח, ווי לאַנג אַז איר אַרבעט דאָ אין זעלבן שאַפּ?", וואָלט אים גענומען אַ לענגערע צייט צו ענטפֿערן אויף דער פֿראַגע, ווייל צו ענטפֿערן אויף דעם וואָלט ער מוזן ערנסט טראַכטן, כדי צו געבן אַ ריכטיקן ענטפֿער.

— „זאָגן אַ ליגן? אַ, ניין, נישט ר' זרח!"

די שכינה הקדושה האָט גערוט אויף זיין פּנים.

מיטיק־צייט, ווען אַלע אַרבעטער האָבן געגעסן צוזאַמען זייער מיטיק אויף די אויסגעשפּרייטע פּאַפּירן מיט ברויט, זעמל, קוכנס, קעז, עפּל און נאָך עסנוואַרג, האָט ר' זרח געהאַלטן זיין פּאַפּירן זעקעלע אויף זיינע קורצע קני און חלילה אַ ברעקל פֿון טיש, אַ שטויבעלע זאָל נישט באַ־רירן זיין שפּייז, ווייל די אַנדערע, חוץ אים, האָבן נישט געהאַלטן פֿון כשר־טריף. ער האָט אַפֿילו געהאַט אַן אייגענע גלאָז פֿאַר זיין טיי פֿון דעם אַלגעמיינעם טשאַייניק.

ווען די אַרבעטער האָבן גערעדט וועגן וועלטלעכע אָדער סאָציאַלע

פראגן, האט ר׳ זרח אלעמאל געזאגט א מיינונג און יעדעס מאל באטאנט, „אז וואס שייך דעם ארבעטער, זיין יוניע, זיין קאמף קעגן די באלע־באטים, איז ער מערסטנס געווען גערעכט, אבער עס וועט מוזן זיין א יציאת מצרים (דאס האט ער געמיינט פטור ווערן פון שאפ), עס וועט מוזן זיין א באפרייאונג פון גלות ווען משיח וועט קומען . . .״

ווען מען פלעגט רעדן וועגן יוניאן־פראגן, האט ער אלעמאל איינגע־שטימט, אז א יוניאן איז א נייטיקע זאך, א טייערע זאך, והראיה: ער קריגט אן אנשטענדיקן לוין, ער ארבעט קורצע שטונדן, קריגט באצאלט פאר יום־טובים און פאר וואקאציע, וואס אז דער יוניאן איז ער זיכער, וואלט ער עס נישט געהאט, אבער ער האט אלעמאל געענדיקט, אז ער קוקט קרום אויף די ביוראקראטישע פירער, וועלכע זיינען נישט צו־ערלעך און איבערהויפט ווען זיי זאגן ליגן. זאגן א ליגן איז ביי ר׳ זרחן געווען דער גרעסטער פארברעכן, אפילו ערגער פון טריפות און מחלל שבת זיין. ער איז געווען א מענטש, אויף וועלכן מ׳האט געקאנט זאגן, נקי כפיים ובר לבב, א מענטש מיט זויבערע הענט און א לויטער הארץ.

איינמאל, אין א מאנטיק, איז ר׳ זרח נישט געקומען צו דער ארבעט. אלע ארבעטער האבן זיך שוין דורכגערעדט וועגן דעם. ביים עסן מיטיק איז באשטימט געווארן צו שיקן דעם סעקרעטאר אויסצוגעפינען וואס ס׳האט פאסירט.

ווען ליבטמאן, דער סעקרעטאר פון שאפ, איז צו אים געקומען, האט ער אים געטראפן זיצן אין אויפנאם־צימער אויף אן אלטמאדישן ווייכן שטול, אנגעטאן אין א לאנגן כאלאט מיט דער יארמולקע אויפן קאפ. ער האט געהאלטן א ספר אין האנט און ווען ער האט דערזען דעם באַ־זוכער האט ער אוועקגעלייגט דעם ספר אז א זייט.

— „גוט, גוט, ברודער ליבטמאן, וואס איר זייט געקומען. איך האב טאקע היינט געטראכט זיך דורכצורעדן מיט אייך וועגן מיר, וועגן מיין לאגע. איר פארשטייט, ס׳איז נישט אזוי לייכט אפצוארבעטן אזוי פיל יארן און פלוצים, נישט מיר, נישט דיר, גיב אויף די ארבעט און זעץ זיך אוועק, אט לאמיר זאגן, אזוי ווי איר זעט, אויף א ווייכן שטול מיט א ספר אין האנט . . . אגב, זאגן די דאקטוירים, ווי רופט מען זיי דארטן, די סייקייעטריסטן . . . אז ס׳איז נישט אלעמאל געזונט פאר עלטערע מענטשן דאס צו טאן. אנדערע זאגן גראד פארקערט. מיינע קינדער, זאלן לעבן, זיינען איינשטימיק מיט די סייקייעטריסטן. איז לאמיר

טאַקע הערן וואָס איר׳ט זאָגן וועגן דעם: זאָל איך אַרויף אויף פּענסיע?״ ער האָט צוגעלייגט זיין רעכטע האַנט צום קאָפּ, פאַרמאַכט די אויגן און שטיל געבליבן, געוואַרט אויף אַן ענטפער.

— ״אויב איר זייט שוין פינף און זעכציק, ביז הונדערט און צוואַנציק, איז נישטאָ קיין שום אורזאַך, לויט מיין מיינונג, אַז איר זאָלט דאָס נישט טאָן. איר זייט אַ ייד אַ קענער, אַ למדן. איר האָט אַ ליבע פרוי און טייערע קינדער. איר׳ט זיכער געפינען מיט וואָס אייער צייט אויס־צופילן, און מכּוח פּרנסה וועט איר זיך נישט דאַרפן זאָרגן: אַ סאָשל־סעקיוריטי טשעק, פּענסיע פון דער יוניאָן און אַנדערעס (דאָס האָט ער געמיינט, אַז אין גאַנצן ״געבראָכן״ איז ער נישט). איך גלויב, אַז ס׳וואָלט געווען אַ גוטע זאַך פאַר אייך״. און נאָך אַ קורצן שווייגן האָט ער פאַר־געזעצט: — ״קיינער צווינגט אייך נישט, איבערדענקט זיך!״

ס׳זיינען אַוועק דריי פּרימאָרגנס. ר׳ זרח איז ווידער געקומען צו דער אַרבעט, ריכטיק אין צייט, ווידער זיך מיט אַלעמען באַגריסט.

צי עס האָט זיך געדאַכט אַזוי, צי ס׳איז אמת געווען אַזוי — זיינע אַפּצוג־בויגנס, נאָך זייער צוריקקומען פון קאָרעקטאָר, זיינען נישט גע־ווען אַזוי ריין ווי פריער. דער קאָרעקטאָר האָט עס באַמערקט ביים עסן צום פאָרזיצער פון שאַפּ, און יענער האָט געלאָסן באַמערקט:

— ״נו, ס׳איז שוין צייט!״ ווי איינער זאָגט: ״וויפל איז דער שיעור? ער איז שוין אין די יאָרן, מיינענדיק, אַז ער איז שוין אוודאי 65 יאָר אַלט, און ס׳איז שוין צייט זיך אָפּצורוען״.

וואָס אַ טאָג אַלץ מער איז געווען קאַנטיק, אַז זיין אַרבעט איז נישט די זעלבע. זיין קומען, זיין זיצן, זיין אויסזען איז נישט געווען ווי אין די פריערדיקע טעג און יאָרן פון זיין אַרבעט. אַלע האָבן דאָס געזען, גע־פילט און געוואוסט, אָבער זיך באַנומען מיט גרויס טאָלעראַנץ צו ר׳ זרחן, אים חלילה מיט קיין שפּאַס אָדער אַנדייט נישט וויי געטאָן.

טאַקע אין איינע פון יענע טעג האָט ער מיט גרויס ווייטיק און פאַר־דרוס, אַזוי ווי ער וואָלט עפּעס אַ פאַרברעכן באַגאַנגען, געבעטן דעם סעקרעטאַר ליכטמאַן, אַז ער זאָל פאַר אים קריגן די נייטיקע פּאַפּירן און אַז ער זאָל אויספילן די אַלע פאָרמאַליטעטן צו קריגן זיין פּענסיע.

ווידער איז ער צו דער אַרבעט געקומען, אָבער ער איז נאָך שטילער געוואָרן ווי פריער. ער פלעגט קוקן אויף דער זאַץ־מאַשין ווי אויף אַ פאַריתומטע קינד. ער פלעגט טאָן זיין אַרבעט, אָבער זיינע פינגער פלעגן

שוין נישט טאַנצן ווי אויף פידל־סטרונעס ווי פריער. ער האָט גע־טראַכט, ווי ווייט עס איז דער היינט פון דעם נעכטן און דער נעכטן פון היינט, אָבער היינט האָט ער אָנגעגעבן אויף פּענסיע און מאָרגן? מאָרגן קאָן אפשר זיין דער לעצטער טאָג, די לעצטע שעה, די לעצטע אָנרירן אויף די קלאַווישן פון דער מאַשין, דער קלאַנג פון אַ פּאַרטיקער בלייער־נער שורה, און דער קלאַנג פון אַ ניט־פאַרענדיקטער דריי פון דער ראָד. צי דען איז מעגלעך אַזאַ פלוצלינגער סוף? . . . אַ סוף, סוף . . .

פון צענדליקער יאָרן וואַכעדיקע, פּשוטע מאַשין־קלאַנגען האָט זיך אים איצט אויסגעדוכט, אַז דאָס זיינען נישט קיין אייזן־קלאַנגען, מאַ־טאַר־קרעכצן, נאָר עפּעס הימלישע טענער פון אומפאַרשטענדלעכע ווייטע געזאַנגען. ער האָט זיך יעדע פאָר מינוט אָפּגעשטעלט, זיך צו־געבויגן נעענטער צו די קלאַווישן, ווי אַ מוזיקער צו דעם אינסטרומענט ביים רעפּעטירן אַ מעלאָדיע פון אַ נייער שאַפונג.

ווען ס'זיינען אָנגעקומען די פּאַפּירן אונטערצושרייבן, האָט ר' זרח מיט אַ ציטערדיקער האַנט גענומען די פעדער אין האַנט אַזוי ציטער־דיק, אַזוי שרעקנדיק, אַזוי מוראַדיק, ווי ער וואָלט דאַרפן אַן אייגן קינד צו דער קבורה פירן. מיט דער רעכטער האַנט האָט ער די פעדער גענו־מען, דעם קאָפּ אָוועקגעדרייט צו דער זאַץ־מאַשין, ווי זיך געזעגנט מיט דעם טייערסטן פון זיין לעבן. די ליפּן זיינע האָבן געציטערט, די בלויע ווייכע אויגן זיינען וואַסערדיק געוואָרן און טרערן, זודיקע טרערן האָבן דאָס פּאַפּיר פאַרנעצט לעבן זיין אונטערשריפט.

# 14

## נאָר אַ פריינט . . .

(ד ע ר צ י י ל ו נ ג)

האָט זי געזאָגט „היינט", האָט ער געזאָגט „מאָרגן"; האָט זי געזאָגט „גוט" האָט ער געזאָגט „שלעכט"; האָט זי געזאָגט „וואַרעם" האָט ער געזאָגט „קאַלט", און אַזוי שוין עטלעכע מאָנאַטן, וואָס האָבן איר אַריינ־

געוואָרפֿן אין אַזאַ מעלאַנכאָליע און אַפּאַטיע צום לעבן, אַז זי האָט באַ־שלאָסן אַז אַזוי ווייטער קאָן דאָס נישט גיין, ס׳מוז דערצו נעמען אַ סוף און אַן עק! . . . עטלעכע מאָל האָט זי שוין ווי באַשלאָסן אַנצו־פאַנגען ריידן מיט אים וועגן דעם און איינמאָל פֿאַר אַלע מאָל אים לאָזן וויסן, אַז זי פֿאַרשטייט און ווייסט די אורזאַכן פֿון זיין אומרואיקייט, ווידערשפּעניקייט און פֿון זיין פֿאַרפֿינצטערן אירע רואיקע און גליקלע־כע טעג וואָס זי האָט געקאָנט האָבן.

איינגנטלעך האָט זי זיין באַנעמען זיך שוין דערפֿילט אַזוי גלייך ווי ער האָט זיך צופֿעליק באַקאַנט מיט איר פֿריינדין, אַ הויכע, שלאַנקע, גוט־מוטיקע יונגע פֿרוי, מיט צאַרטע בלויע אויגן און אַ ליבלעכן שמייכל, וועלכע האָט געזען נישט דורכצולאָזן קיין איין געלעגנהייט צו זיין אין זיין געזעלשאַפֿט. ער האָט דאָס אויך דערפֿילט. פֿון דאַן אָן איז ער געוואָרן אַ צווייענדיקער מענטש. איינער אַ צערטלעכער, אַ גוטמוטי־קער, לאַכנדיקער פֿאַר דער ניי־באַקאַנטער זיינער, און איינער — אַן אומעטיקער, אַ שלעכטער, ווידערשפּעניקער און תּמיד אַן אַנגעברוגז־טער פֿאַר זיין יונגער פֿרוי, וועמען ער האָט באמת נשמהדיק געליבט און צערטלעך געלעבט מיט איר פֿאַר די לעצטע זעקס יאָר, און ווען נישט דער צופֿאַל פֿון זיין נייער באַקאַנטשאַפֿט, וואָלט מען געקאָנט זאָגן, אַז זיי לעבן בשלום און צופֿרידן.

זי האָט קיין מוט נישט געהאַט אָנצוהייבן ריידן צו אים וועגן דעם, אפֿשר וועט זי ערגער מאַכן. אָבער, פֿלעגן זיך אין אַזעלכע מאָמענטן אַריינכאַפּן אין איר מוח האַפֿענונגען, אַז פֿילייכט וועט עס פֿאַריבער, ווייל ס׳מוז פֿאַריבער, ער האָט דאָך איר אַזוי ליב, און אַז די נייע פֿריינט־שאַפֿט זיינע צו יענער איז מסתּם אַ צייטווייליקע, וואָס וועט זיך שנעל אָפּקילן און ער וועט אַן איר פֿאַרגעסן, און זי האָט באַשלאָסן צו וואַרטן און דולדן . . .

אין אַ געוויסן פֿרימאָרגן האָט ער זיך מער ווי אַלעמאָל געוואָרפֿן אויף יעדעס וואָרט אירס, זיך געברוגזט אויף יעדער זאַך, פֿון דעם אויגנבליק ווען ער האָט נאָר זיינע אויגן געעפֿנט. זי האָט זיך עטלעכע מאָל אָפּ־געשטעלט צו באַטראַכטן צי עס זיינען נישט פֿאַראַן אַנדערע אורזאַכן דערצו, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— איך דאַרף מיט דיר וואָס ריידן, דאַרע . . .״

דאָס גאַנצע בלוט איז איר אַריין אין קאָפּ און זי האָט זיך אויף אַ מאָ־

מענט ווי פאַרלאָרן, אָבער ווען זי איז צו זיך געקומען האָט זי גלייך, און ווי ס'האָט זיך איר אַליין געדוכט, מיט שטאָלץ און ווירדע געענטפערט:

— „רייך! . . .”

ער האָט האַלב אַרונטערגעלאָזט די אויגן, ווי זיך געפילט שולדיק, אָבער געפינט נישט קיין אַנדער אויסוועג ווי צו האַנדלען, געזאָגט:

— „פּיליכט זאָלן מיר זיך ג . . .”

ער האָט דעם לעצטן זילב נישט אַרויסגעזאָגט, קאַנטיק אַז דאָס האָט זיך אין זיין מויל פאַרהאַלטן, אָבער אויך קענטיק, אַז ער האָט זיך שוין אַ לענגערע צייט צוגעגרייט צו דעם, און ער האָט דעם גאַנצן זאַץ ווידער אָנגעכאַפּט און מיט אַנטשלאָסנקייט אַרויסגעזאָגט:

— „זאָלן מיר אַוועקפאָרן קיין רענאָ און זיך דאָרט שיידן”.

זי האָט אויף אים אַ קוק געטאָן מיט אַזאַ דערשטוינונג, אָבער אויך מיט אַזאַ שטאָלץ, אַז ווייטער ריידן האָט ער שוין נישט געקאָנט, און עטלעכע ווערטער וואָס ער האָט געוואָלט צולייגן, זיינען געבליבן אין זיין מויל נישט אַרויסגעזאָגטע . . .

— „גוט!” — האָט זי אַרויסגעזאָגט. זי איז געזעסן אַ פּאָר מינוט און לאַנגזאַם פאַרלאָזט דעם צימער.

דעם זעלבן אָוונט איז ער שוין אַהיים נישט געקומען.

אינדערפרי האָט זי דערהאַלטן אַ רעגיסטרירטן בריוו פון אים, וואו ער פאַרענטפערט זיך פאַר זיין האַנדלונג, גענומען די גאַנצע שולד אויף זיך און ווידערהאָלט עטלעכע מאָל, „פאַרגיב מיר, איך קאָן נישט אַנדערש! . . .” און געענדיקט אַז דעם און דעם טאָג וועט ער זיין אין רענאָ און אַז זי וועט אים געפינען אויף אַ געוויסן פּלאַץ. ער שרייבט אויך, אַז כדי אַרויסצוקריגן אַ גט איז נייטיק אַז ביידע דאַרפן דאָרט זיין צו אַ באַשטימטער צייט.

דער בריוו האָט איר אויפגערודערט, אָבער ווען זי האָט זיך איינגעלעבט מיטן געדאַנק אַז קוים האָט ער אַזאַ שריט גענומען, מוז עס אַזוי זיין . . . ווייל דאָס וואָס זי האָט אין די ערנסטע מאָמענטן פון זייער צוזאַמענלעבן נישט געוואָלט אַרויפלאָזן אויפן געדאַנק איז איצט געשען, מוז דאָס שוין אַזוי זיין! . . .

עטלעכע מאָל אין דער נאַכט האָט זי פון מידקייט איינגעדרעמלט, אָבער זיך אויפגעכאַפּט און מיט ברייט־פונאַנדערגעעפנטע אויגן דורך דער פינצטערניש געוואָלט אויסגעפינען וואו זי געפינט זיך איצט.

איז עס מעגלעך, אז זי, דארע, וועלכע האט אויף קיין מינוט נישט אפּ־געטראָטן פון איר ליבן רובין פאר די לעצטע זעקס יאר צייט, זאל פּלוצ־לינג זיין איינע אליין, אין א צימער זעקס ביינאכט, ערגעץ ווייט פון איר שטאָט, פון איר היים און באקאנטע, אין א פרעמדער ווייטער שטאָט . . . איינע אליין — אן אים ?! . . . זי האט זיך עטלעכע מאל איבערגערוקט אין דער ברייטער בעט, האט אפילו געזוכט מיט אירע הענט, ווי זי וואלט וועלן צו וועמען זיך צורוקן . . . אבער קאלט און פּוסט איז אין דעם ליידיקן פּלאץ געווען . . . ווען ס'האט אנגעהויבן טאגן איז זי איינגעשלאפן.

אינדערפרי האט זי זיך א מידע ארומגעדרייט איבערן קליינעם צי־מער, האט עטלעכע מאל גענומען א צייטונג אין האנט, אבער קיין זאך איז איר אין קאפּ נישט געגאנגען.

די גאנצע וועלט וויים פון אלעס, פון אלע נארישקייטן, געמיינהייטן און נישטיקייטן, און מיט דעם טאקע זיינען פארפולט אלע צייטונגען, אבער פון די אמתע ליידן און פיינען ווייסט די וועלט נישט און וויל נישט וויסן, צו וואס־זשע זאלן איר אנגיין די אלע נארישע נייעסן פון דער וועלט, ווען די וועלט איז אזוי פרעמד צו איר ? . . .

נאכמיטיק איז זי פארביי דעם פּלאץ וואו רובין האט איר אנגע־געבן. זי האט זיך געוואונטשן אז ער זאל צופעליק אנגיין, אדער דורך א פענצטער א בליק טאן אויף איר. זי וואלט זיך מאכן אז זי זעט נישט, אבער זיין בליק וואלט זי דאך געפילט אויף זיך . . .

— „זיינען מיר שוין טאקע אויף אן אמת פרעמדע ? .. . און וועלן מיר טאקע מער צוזאמען קיין טעג און נעכט נישט פארברענגען ? . . .”

זי איז ארויף צו זיך אין צימער און זיך אוועקגעזעצט ביים אפענעם פענצטער. די זון האט געהאלטן ביים אונטערגיין און האט זיך משונה־דיק געשפּילט, ווי אויף צולהכעים געשריען מיט אירע גאלדענע פארבן, אז די וועלט איז וואונדערבאר, ווארעם, ליכטיק, שפּילעוודיק, מ'דארף זיך נאר קענען שפּילן און וויסן ווי אזוי, מיט וועמען און מיט וואס . . .

זארגלאזע קינדערלעך האבן געהאלפן דער אונטערגייענדיקער זון איר זאגן „א גוטע־נאכט” מיט זייערע שפּילעוודיקע קלינגענדיקע שטי־מעלעך, אויטאמאבילן זיינען געפארן אין אלע ריכטונגען און אלץ און אלע האבן געלאכט, ווי געיובלט אויף איר טרויער, עלנט און אומבא־האלפנקייט . . . זי האט ארייַנגענומען איר קאפּ אין אירע הענט און

האט געטראכט: — „ער, איר רובי, וועמען זי האט ליבער ווי די גאנצע וועלט, ער זיצט אויך איצט צימער אן עלנטער, א פארצווייפלטער און טראכט אויך פיליכט דאסזעלבע וואס זי . . . איז פארוואס נישט מעג־לעך, אלס דערוואקסענע מענטשן, אויך נישט געניסן פון דעם ריכטיקן צוזאמענלעבן, כאטש זיין פריינט?"

— „זי און ער, ער און זי זיינען דאך ביידע פרעמדע און עלנטע אין דער רעשיקייט פון דער פרעמדער שטאט, וואס פארהילכט, פארשלינגט, צעברעכט און באפרייט טויזנטער פאמיליע־קייטן, אן רחמנות און אומ־קאמפראמיסלעך. זי האט נאך אין דערהיים געלייענט וועגן דער גרוי־סער ראד פון מענטשלעכער פלאנטערניש . . . און וועגן רענא, נעוואַ־דא, מיט איר משונהדיקער ווילדער אינדוסטריע, די פאבריקאציע פון דעם שטיפערישן צוואנציקסטן יארהונדערט, אבער אז זי אליין זאל זיך אויף דער ראד ארומדרייען, פון דעם האט זי קיינמאל נישט געחלומט, ביז דאס אומדערווארטעטע איז געקומען. 'ווען ס'וואלט געדארפט זיין אנדערש וואלט דאך נישט געווען אזוי'!—האט זי א טראכט געטאן און באשלאסן דאס איבערצוגעבן דעם שיקזאל און זיך בארואיקן . . ."

— „אבער פארוואס זאל זי אים נישט זען? פארוואס נישט טיילן איר צימער מיט אים? . . . פארוואס נישט פארפילן דעם קאלטן, ליי־דיקן פלאץ? . . . וואס וואלטן זיי פארלוירן? אדער וואס קימערט די וועלט וועגן דעם? איז דען נישט דאס גאנצע לעבן א שפיל, א חלום? וואס וויל און דארף נאר דעם „היינט", דעם „איצט", מארגן איז כמעט תמיד צו שפעט! זאל עס זיין נארישקייט, נישט פראקטיש, נישט בא־גרייפלעך!"

זי האט אנגעהויבן צווייפלען איצט אין די אלע אנגענומענע באגריפן פון דער מענטשהייט, וועגן מאראל, חכמה און מענטשלעכקייט . . .

א געדאנק איז ארויפגעשוואומען ביי איר. זי וועט אים אנשרייבן א בריוול, זיי זאלן צוזאמען גיין אין טעאטער. זי איז געווען זיכער, אז די הויכע „פריינדינע" אירע איז איצט נישטא מיט אים, וועט ער דאס זיכער אננעמען . . .

זיי זיינען ביידע געזעסן אין א קליינעם טעאטער פון לעבעדיקע ביל־דער. זיי האבן געזען א אומוויכטיקע מעלאדראמע, וואו ס'האט אנ־טיילגענומען א רייטער פון דער ווייטער וועסט און וואס ס'האט זיך געענדיקט מיט א צעריסענעם פאמיליע־לעבן . . .

זי איז געזעסן און האָט געקוקט און נישט געזען . . . אירע אויגן זיי־נען געווען אָפן, אָבער מאָדנע זי זעט עס ניט. אין אירע אויגן שווינדלט נאָר זייער פרעמדקייט, ווייטקייט, עלנט און . . .

זיי זיינען דאָך אַזוי נאָענט איצט און דאָך אַזוי ווייט . . . זי האָט זיך פּרובירט צוריקן נענטער צו אים, אָבער ער איז געזעסן ווי פאַר־שטיינערט, פאַרשמומט און פּאַראַליזירט.

אינמיטן שפּילן האָט זי איין האַלבן וואָרט אַרויסגעזאָגט, „אַנטשול־דיק!", זיך אויפגעהויבן, אַרויס און אין פינף מינוט אַרום צוריקגעקו־מען און פאַרנומען איר פּלאַץ לעבן אים, געזעסן און געשוויגן.

ווען רובי איז געקומען צו זיך אין צימער האָט ער ביי זיך אין מאַנטל־קעשענע געפונען אַ צעטעלע: „וואָלסטו מיר אפשר וועלן זען צו מיטיק מאָרגן?" ער האָט גלייך אָנגעשריבן אַ בריוו, אַז ער נעמט מיט פאַר־גענינגן אָן די איינלאַדונג.

זיי זיינען געזעסן אין רעסטאָראַן. פאַרלעד האָבן גערעדט און גע־לאַכט. אייניקע האָבן גאַנץ אינטים זיך געטוליעט איינע צו די אַנדערע. זי האָט געגעסן פאַמעלעך און פון צייט־צו־צייט אַ וואָרף געטאָן איר בליק אויף אים און עטלעכע מאָל האָבן זיך ביידנס אויגן באַגעגנט . . .

— „ביזט פריי מאָרגן אוונט? וואָלטס אפשר וועלן גיין ערגעץ?"

זיינע אויגן, ווי שולדיקע, האָבן זיך עטוואָס אַראָפּגעלאָזט. ער האָט זיי שנעל אויפגעהויבן און אַ שמייכל געטאָן, — „מיט פאַרגעניגן".

זיי זיינען געווען אויף אַ באַל. ער האָט מיט איר געטאַנצט, איר גע־האַלטן פיל צערטלעכער, פאַרזיכטיקער, ווי אַ נייע באַקאַנטע, צו וועל־כער מען מוז זיך צוגעוואוינען און אַרויסווייזן דזשענטלמענערישקייט. ער איז טאַקע געווען אַ פולקאָמער דזשענטלמאַן . . .

ווען זיי זיינען אַהיים געגאַנגען האָבן זיי ווי עפּעס דורך אַן אויסער־לעבער קראַפט אָנגעהויבן ריידן איינער צו דעם אַנדערן, און פון וואָס זיי האָבן נישט גערעדט, זיינען זיי אַרויפגעקומען צו — „עלנט", „פוסט־קייט" און „אומעט". דעם אוונט זיינען זיי אַרומגעגאַנגען פיל לענגער ווי אין די פריערדיקע צוויי וואָכן וואָס זיי זיינען דאָ.

ווען ער האָט זי צוגעפירט צו איר האָטעל, האָט ער זי אַ פרעג געטאָן:

— „האָסטו עפּעס אַ גוטן צימער?"

זי האָט אַ שמייכל געטאָן און שעמעוודיק געענטפערט:

— איך דערלויב דיר דאָס אַליין צו זען . . .״

— — — — — — — — — — —

די איבעריקע צוויי וואָכן וואָס זיי האָבן געוואַרט אויף דער פּראָצעדור פונעם גט האָבן זיי פאַרבראַכט צוזאַמען, אָבער נישט כדי אַרויסצו־קריגן קיין גט, נאָר ווי ער האָט זיך מיט אַ מאָנאַט שפּעטער, ווען זיי זיינען געזעסן איינער אַליין צוריק ביי זיך אינדערהיים, אויסגעדריקט: — ״דאָס איז געווען זיין ׳האָניק־חודש׳, וואָס איז געווען פיל זיסער און אינטימער ווי דער ערשטער, וואָס ער וועט קיינמאָל, קיינמאָל אין זיין לעבן נישט פאַרגעסן!״ . . .

# 15

## צוליב אַ ברעקל

(אַ פּסחדיקע מעשהלע פאַר קינדער)

פון שטיינדעלער האָבן זיך העכסטע בערג דערהויבן; פון קלייני־קע זאַמדעלער — די גרויסע ים־ברעגן, און די נישט־דורכגייעוודיקע סאַ־האַראַ־מדבר; פון טראָפּנס וואַסער האָבן זיך גאַנצע ימים אָנגעקליבן, און צוליב אַ ברעקעלע, אַ פּסחדיק ברעקעלע האָבן זיך אין מיינע גע־דאַנקען אָפּגעשטעמפּלט אייביקע, הערלעכע, אומפאַרגעסלעכע זכרונות.

דאָס איז געווען צוליב אַ פּסחדיקן ברעקעלע נאָך שבת־הגדול.

מען דאַרף זיין אין ווילנע, אויף שניפּעשאָק אָדער זאַרעציע, אין אַ יידיש קרום, שמוציק געסל, ווען די אָנגעקליבענע שנייען פון גאַנצן ווינטער צעגייען זיך פון דער אָנקומענדיקער וואַרעמער, צערטלעכער פאַרפּסחדיקער זון, וואָס פאַרוואַנדלט אַלעס אין לוזשעס, זען דעם טאַראַראַם פון די ווייבער, דאָס אויסקלאַפּן די קליידער און טרייסלען דאָס בעטגעוואַנט, דאָס אַרויסנעמען די טאָפּלפענצטער, וואָס זיינען מיט צייטונגס־פּאַפּירן אַרומגעקלעפּט כדי נישט אַריינצולאָזן דעם בייזן, שלעכטן ווינטער צו זיך אין הויז אַריין.

מ׳דאַרף דאַרט זיין, דאָס זען און פילן כדי צו באַגרייפן די הייליקייט און גליקזעליקייט פון דעם שיינעם יום־טוב פון דערלייזונג, פון באַ־פרייאונג — פסח.

דער נאָמען „פסח״, די אַטמאָספערע, די צערטלעכע וואַרעמע זון, די אויפלעבונג פון די גראָזן, דאָס פייפן פון די בלעטלעך, דאָס קלינגען פון די פייגעלעך, און די פריילעכקייט, די איבערקערעניש פון די קינדער־שע דערמוטיקנדיקע הערצעלעך. אַלעס, אַלעס גייט דעם פסח אַנטקעגן. אַלע טירן ווערן ברייט און לוסטיק פאַר דעם ליבן גאַסט געעפנט און געלאַדן, ווי אַ יונגע כלה, מיט צערטלעכקייט און פרייד דעם טייערן אָנ־קומענדיקן פסח יום־טוב אַנטקעגן . . .

אויף מאָרגן נאָך שבת־הגדול, האָט די רביצין מער ווי אַלעמאָל זיך אין שטיבל געפּאַרקעט, געוואַשן און געשרקאַבעט, געלאַטעט און גע־שטשאַבעט, און דער רבי האָט מער ווי אַלעמאָל דעם שטערן פאַר־קנייטשט און שטילערהייט געמורמלט, „אַך, גאַטעניו, ווי קריגט מען די פאַר רובל פאַר שכר־לימוד פון די קינדערלעך, דעם ליבן גאַסט פּסח מיט וואוילטיק אַנטקעגן קומען״.

— „גייט משהלע און מיכעלע״, — האָט זיך דער רבי געווענדט צו מיר און מיין יינגערן ברודערל, — „גייט אַהיים פאַר פריער, ס׳איז ערב יום־טוב, פּיליכט דאַרפט איר וואָס אין דער היים אַרויסהעלפן, און זאָגט דעם טאַטן ער זאָל מיר שיקן פאַרן לערנען מיט . . .״

די לעצטע ווערטער האָבן מיר נישט געהערט. ווי בייזע ווינטן זיינען מיר פון חדר אַרויסגעלאָפן און געפלויגן, געלאָפן, געשפּרונגען . . .

אַהיים געקומען, האָבן מיר געפונען אַלעס מיט דער פוטער אַראָפּ. די רויטע בענקלעך זיינען געלעגן מיט די פיסלעך אַרויף, דאָס איינצי־קע מאָל אין יאָר האָבן זיי זיך פייכטע און נאַסע געטריקנט אויף דער זון, ווי מיר מיט די אויסגעוואַשענע קעפּלעך אין תמוז. דער טיש מיטן איבערדעק צום וואַנט אָנגעשפּאַרט, די בעט פונאַנדערגענומען און די שעניקעס און בעטגעוואַנט זיינען אויף שטריק געהאַנגען און אַלע האָבן ווי געשמייכלט און געוואונקען צו אונדז: „באַלד איז פסח, אַך, ווי גוט עס איז !״

— „מצה! מצה!״ — האָט מיין יינגערער ברודערל גענומען קלאַפּן מיט די הענטלעך און ווייזן אויף דעם קאָרב וואָס איז מיט אַ ווייסן טישטוך אַרומגעוויקלט געשטאַנען אויפן קאַמאָד. איך האָב אַ קוק

געטאָן און געפּילט ווי אונדזערעביידנס הערצלעך צעשפּרינגען פון פרייד.

דער תמיד־שטרענגער פאַרדאַגהטער פּנים פונעם טאַטן האָט ממש געלויכטן און געשיינט און די שטענדיק־קרעכצנדיקע פון ווייטיק קראַנקער מאַמע איז ווי יינגער געוואָרן. ביידנס פּנימער האָבן אַזוי געשיינט, אַלעס איז געווען אַזוי ליבלעך און גוט, אַז ס'האָט זיך געוואָלט אַלעמען אַרומנעמען, צודריקן צו זיך און לאַכן, לאַכן און לאַכן . . .

דער טאַטע מיט דער מאַמען האָבן זיך אַנגעטאָן. די מאַמע האָט גענומען אַ גרויסן קאַשיק און דער טאַטע האָט זיך צו אונדז געווענדט: — „מיר גייען אין מאַרק אַריין איינקויפן אויף יום־טוב. איר זאָלט חס־וחלילה נישט צוגיין צום קאַרב, אים נישט חמצדיק מאַכן, איר הערט?" ביים אַרויסגיין צוגעלייגט, — „איר זאָלט זיך נישט דערוועגן צו קוקן אין ווינקל וואו די מצה שטייט".

ווי נאָר די טיר האָט זיך הינטער זיי צוגעמאַכט, האָבן אונדזערע ביידנס בליקן, ווי אָפּגערעדט, אַ וואָרף געטאָן צו דער ריכטונג וואו דער קאַרב איז געשטאַנען און מיכעלע אַפריער און איך נאָך אים האָבן פאַמעלעך און מיט שרעק זיך צום קאַרב דערנענטערט און מיכעלע האָט מיט שרעק זיך צו מיר געווענדט: — „אַ ברעקל, אַ שטיקעלע, אַ קליינינקע שטיקעלע . . . דער טאַטע נישט וויסן" און האָט גלייך אויסגעשטעלט זיינע דאַרינקע הענטלעך, אויפגעהויבן דעם טישטוך פון קאַרב און פון די שפּאַלטן אַ גרויסן ברעקל געשלעפּט. אין מיר האָט מיין הערצל גענומען צאַפּלען, דערמאָנענדיק זיך אַז דעם טאַטנס ווערטער, און איך האָב אים געוואָלט אַוועקנעמען פון קאַרב, נאָר דאָ האָט זיך דער קאַרב אַ בייג געטאָן און מיט אַ שרעקלעכן סקריפּ און אימפּעט אַרויסגעפאַלן אויף מיכעלען . . .

דעם גאַנצן פּסח איז מיכעלע מיט אַ פאַרבונדן קעפּל אין בעט געלעגן, די מאַמע איז געזעסן לעבן אים, אים געמוסרט, און ער האָט מיט אַ שטים פון שולדיקייט געשעפּטשעט: — „אַלעס צוליב אַ ברעקעלע, אַ קלייניקן ברעקעלע" . . .

# 16

## „אנשטאָט אַ מצבה"

היינט איז ריכטיק אַ יאָר, אַ גאַנץ קיילעכדיקער יאָר, פון דריי הונדערט און זעקס און זעכציק אייביקייטן — טעג און נעכט זינט איר ליבער מאַקס איז פון איר אָפּגעריסן געוואָרן. ער איז פון איר פאַרשוואונדן אַזוי פּלוצלינג, אַזוי אומדערוואַרט! מאַקס איז געווען איר היינט, איר מאָרגן, איר צוקונפט און דאָס גאַנצע לעבן; נישט קיין פאַנטאַזיע האָט זי געבויט, נאָרווירקלעכן גליק פון איר גליקלעכן צוזאַמענלעבן מיט מאַקסן, מיט איר געליבטן, באַגלייטער און אמתן פריינט.

די גאַנצע וועלט, דער גאַנצער טאַראַראַם, די שענסטע מוזיק איז טויט, איז נול; די זונשיין איז פינצטערניש לגבי דאָס פאַרשווינדן פון איר מאַקסן. אַ שוואַרצער, שווערער, דיקער פאָרהאַנג האָט זיך איבער איר פאַרשלייערט מיט דעם פאַרצוקן פון איר געליבטן און פריינט אויף אייביק... האָט זיך ווען אין די זונטעג, אָדער אין די גרוי־פינצטערע נעכט אין איר האַרץ אַ געדאַנק ווי דורך די שפּאַלטן אַ פונק פון גליק אַריינגעריסן, האָט זי דאָס מיט דער גרעסטער רציחה און מיט אַן אל־חטא און באַדויער פאַריאָגט, פאַרטריבן און זי האָט זיך נישט געקאָנט פאַרגעבן דאָס פאַר לאַנגע דויערהאַפטע שעהן.

יעדן טאָג פלעגט זי צום בית־עולם גיין און פון צייט־צו־צייט, פרישע בלומען לייגן אויפן קבר פון איר טייערסטן. ווען זי פלעגט אָבער צוריקקומען צום קבר פלעגט זי זיי אָפט טרעפן צעטראָטענע און צעשטערט פון די גראָבע פיס פון די פערמדע, ניט־פאַרזיכטיקע מענטשן, וועלכע ליידן נישט אירע ליידן און וועמען עס גייט נישט אָן איר ווייטיק.

שוין היפּשע עטלעכע חדשים ווי זי האָט באַשלאָסן צונויפצוזאַמלען וויפל זי וועט נאָר קאָנען, אַ סענט צו אַ סענט, און מיט דעם געלט אַ מצבה שטעלן, כדי די בלומען וואָס זי וועט אַהין טראָגן, זאָלן נישט צעטראָטן ווערן, צוזאַמען מיט דעם איינגעפאַלענעם ברעטל וואָס איז אויפן קבר פון איר געליבטן . . . .

אַ גאַנצע נאַכט איז זי נישט געשלאָפן. מיט אָפענע אויגן אַריינגעקוקט ווייט אין דער פינצטערניש, און געדאַנקען פון יוגנט־האָפענונג און

פון פארלארענעם גליק האבן זיך אין איר מידן קאפ געשפארט, ווי וואַ־ סער אין אַ צעבראָכענער שיף. נאָר זי האָט מיט אַלע אירע קרעפטן עס פארטריבן און געוואָלט איר געדאַנק נאָר אויף איין זאַך קאָנצענטרירן:

— צו גיין מאָרגן אינדערפרי צום מצבה־שלעגער, אַ מצבה פאַר איר ליבן מאַן שטעלן.

נאָך טריבער און גרויער איז דער פרימאָרגן געווען, נאָך אומעטיקער און וויסטער, קלאָגעדיקער און פינצטערער איז דער הימל געווען, מער ווי אין די אַנדערע אַסיען־טעג, ווי אין אַרעסטאַנטן־קליידער, ווי אין קייטן געשמידט, ווי פון איר פרייהייט בארויבט, ווי מיט בליי באַהעפט איז איר גאַנץ וועזן געווען אין יענעם אַסיען־מאָרגן . . .

ווי אַ שאָטן איז זי מיט ציטערדיקע הענט, ווי צו אַ טויטן, צוגעגאַנגען און פון ווינקל די קופּערנע מטבעות אַרויסגענומען, זיי אַרויסגעוואָרפן פון דעם לייוונטענעם טיכל און עס איבערגעציילט . . . ריכטיק אַכצן דאָלער מיט זיבן און אַכציק סענט. וועט זי דאָס איבעריקע צולייגן ביז צוואַנציק דאָלער, און מיט דעם אַ מצבה באַשטעלן.

אָבער וואָס שרייבט מען אַז אויף דער מצבה — פון דעם האָט זי די גאַנצע צייט נישט געטראַכט. זי האָט גענומען בויען ווערטער צו ווער־ טער און זיך געמיט צונויפצושטעלן אַ שורה, וואָס זאָל קלינגען שיין און דיכטעריש, וואָס זאָל זיך צופּאַסן צו אירע, הערלעכע געפילן צו איר געליבטן מאַקסן.

דאָס בלוט האָט אין איר אויפגעקאָכט ווען זי איז געקומען צו די ווערטער: — „דאָ ליגט מיין טייערער מ־א־ק־ס". מער האָט זי נישט געקאָנט טראַכטן און גרויסע, שווערע, הייס־זודיקע טרערן האָבן זיך אַרונטערגעגאָסן און זיך צונויפגעמישט צוזאַמען מיט די קופּערנע מטבעות, וואָס זי האָט נאָך נישט באַוויזן אָוועקצונעמען.

אַ געדאַנק האָט זיך צו איר אַריינגעריסן, פון וואָס זי איז פון אָנ־ פאַנג פאַרציטערט געוואָרן, נאָר שנעל שלום געמאַכט דערמיט, מיט דער טרייסט, אַז אויב זי וועט דאָס טאָן איז דאָס נאָר צוליב דעם בדי צו פאַרשענערן און פאַרייביקן דעם נאָמען פון איר טייערסטן מאַקסן . . .

פאַר די אויגן האָט זיך איר באַוויזן דער חנעוודיקער, הויכער, מיטן געקרייזלטן קאָפּ האָר און די צוויי עכטע אָריענטאַליש־פאַרחלומטע גרויסע אויגן, מיט זיין שטענדיקן ווייך־זיסן צערטלעכן, „ווי גייט עס?", איסאַק, אַז אינטימער פריינט און גוטער חבר פון איר פאַרשטאָרבענעם

מאקסן. און מאַרנע, אַז ווען ער פלעגט אַרויפקומען וועז מאַקס האָט געלעבט, האָט זי אויף אים געקוקט ווי אויף אַ פּריינט . . . אָבער זיין שיינע פיגור, זיין באַחנקייט און סימפּאַטישקייט איז ביי איר אויסגע־קומען אַ נאַטירלעכע. איסאַק קוקט אַזוי אוים, ווייל ער קוקט נישט אוים אַנדערש. אָבער איצט האָט זי אים דערזען פאַר אירע אויגן ווי נישט נאָר אַ פּריינט זייערער, אירס און איר פאַרשטאָרבענעם מאַקסן, נאָר דערזען פאַר זיך איסאַקן, דעם הויכן, גראַציעזן, לאַכנדיקן און מילדן שמייכלענדיקן און . . . זי וועט נאָר פאַרבייגן, אַפילו נישט אַריינגיין צו אים . . . זי וועט נאָר אַנקלינגען אין דער טיר און אים בעטן, אַז ער זאָל צונויפשטעלן אַ פּאָר פּאַסיקע ווערטער פאַר דער מצבה.

ווי איינע, וועלכע גייט אויספירן אַ פאַרברעכן, נאָר צוליב אַ הייליקן צוועק און אידעאַל, איז זי צוגעקומען צו דער הויז פון איסאַקן און מיט דער האַנט, וואָס האָט זיך עטלעכע מאָל אַנטזאָגט אויסצופירן דעם באַ־פעל פונעם אייגנטימער, האָט זי אָנגעקלונגען און ווי אַ שולדיקע שטום־שטיין געבליבן . . .

איסאַק האָט זיך באַוויזן און איז נשתומם געוואָרן פונעם אומדערוואַרטעטן באַזוך פון זיין „פּריינטס" פרוי. ער האָט פון דערשטוינונג נישט געפונען קיין פּאַסיקן וואָרט איר צו זאָגן.

— „קומט אַריין !" — האָט ער שטייענדיק ביי דער ברייט־געעפנטער טיר אַרויסגעזאָגט און איז שטיל געבליבן, וואַרטנדיק אויף איר יעדער באַוועגונג . . .

— „אַ שיינעם דאַנק, איסאַק, איך בין געקומען אייך בעטן אַ טובה — אָנשרייבן אַ פּאָר פּאַסיקע ווערטער פאַר אַ מצבה פאַר מאַקסן . . . — „איך גיי איצט צום מצבה־שלעגער".

טרערן האָבן פּלוצלינג זיך גענומען שפּאַרן פון אירע אויגן, נאָר זי האָט זיי אונטערדריקט, אַז איסאַק זאָל עס נישט באַמערקן.

איסאַק האָט פּלוצלינג פאַרגעסן זיין פאַרשטאָרבענעם פּריינט. פאַר אים איז געשטאַנען אַ יונגע, לעבעדיק שיינע פרוי, אַ צערטלעך ווייב, אַ . . . אָבער נישט די זעלבע „פריינדין" ווי פריער . . .

— „מיט פאַרגעניגן", — האָט ער געענטפערט, — „וואָלט איר מיר דערלויבט אייך צוצופירן צום מצבה־שלעגער, וועל איך פאַריינוועגס די פּאָר ווערטער פאַרטראַכטן" . . .

— „אויב איר ווילט און האָט צייט", — האָט זי געענטפערט.

אין אַ פּאָר מינוט שפּעטער זיינען זיי ביידע אין גאַס געגאַנגען. ער האָט געהאַלטן איר אָרעם און האָט געפּילט די וואַרעמקייט פון איר קערפּער און יעדן טיק־טאַק־קלאַפּ פון איר האַרץ . . . זי האָט געשוויגן און ער האָט גערעדט. ער האָט גערעדט פון לעבנס־זאַכן, פון קאַמפן און ליידן, פון פּאָליטיק און קאָרופּציע, פון מלחמות און גזירות און פון פיל אַנדערע זאַכן. די גאַנצע צייט וואָס זיי זיינען געגאַנגען, ביז וואַנען ער איז צוגעקומען צום — „טויט" . . . און זעענדיק ווי זי באַמערקט זיין יעדע באַוועגונג פון די ליפּן, האָט ער מיט אַ פּויזע פון פערטל מינוטן געזאָגט:

— „טויטע זיינען גאָרנישט! טויטע ווילן גאָרנישט און דאַרפן גאָרנישט! לעבעדיקע זענען, ווילן און דאַרפן! טויטע פאַרלאַנגען נישט קיין שיינע גלאַטע שטיינער מיט גאָלדענע בוכשטאַבן געקריצט, ווי געטער פאַרלאַנגען נישט קיין קירבן, טעמפּלען און גלעקער. אויב מען דאַרף וואָס, איז עס נאָר פאַר די לעבעדיקע! פאַר אונדז, פאַר דער יוגנט! פאַר אייך . . . פאַר מיר! — פאַר די וועלכע קאָנען געניסן . . ."

איינגעטלעך זיינען זיי שוין אין דער ריכטונג פון מצבה־שלעגער איצט נישט געגאַנגען, נאָר זיי האָבן זיך געפונען אין רעכטן צענטער פון שטאָט און זיינען שטיין געבליבן לעבן אַ גאָלד־געשעפט.

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף זיינע שיין־מילדע אויגן, אַזאַ קוק געטאָן, ווי זיי וואָלטן נישט נאָר באַקאַנטע אָדער פריינט געווען, נאָר פון יאָרן־לאַנגע געליבטע, מיט דער גאַנצער נשמה, האַרץ און קערפּערס . . .

— „אַמ", — האָט זי געזאָגט.

ער האָט שווער אָפּגעאָטעמט, ווי איינער וועלכער קלייבט זיך עפּעס וואָס געוואָגטעס, העלדישעס צו טאָן און האָט געזאָגט:

— „גלויבט איר נישט זינאַ (דאָס ערשטע מאָל ווי ער האָט איר היינט ביי איר נאָמען גערופן), אַז ס'וואָלט פּראַקטישער געווען פאַרן געלט פון דער מצבה אַ ר־י־נ־ג־ל קויפן, און מיר זאָלן . . .

מער האָט מען זיי באַזונדער נישט געזען. זיי זיינען שטענדיק צוזאַמען געגאַנגען, אָבער נישט ווי פּשוטע פריינט, נאָר אַלס מאַן־און־ווייב.

און אויף איר האַנט, וואָס האָט געציטערט אַ קלונג־צו־טאָן אין איר־מאַקס צימער, איז געווען אַ גאָלדן פינגערל פאַר דעם געלט, ווי שכנים האָבן זיך אַדורכגערעדט, אַנשטאָט אַ מצבה . . .

# 17

## צוליב אַ נאָמען

(הומאָרעסקע)

מיינער אַ באַקאַנטער, אַ שרייבער, האָט מיר דערציילט:

— „איך בין געקומען קיין ווין און האָב אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן פאַר אַ ראָמאַן, געפונען די פּאַסיקע נעמען פאַר אַלע מיינע העלדן. פאַר אַלע מענער און פרויען, מיט אַלץ מיט אַן אַנדער, אָבער אַ נאָמען, אַ נאָמען פאַר אַ פיר און צוואַנציק יאָריקער בלאָנדער דייטשקע, אַ קריסטין, וועלכע האָט באַדאַרפט זיין פאַרליבט ביז איבער די אויערן אין אַ יידישן פרומען יונגנמאַן, — אַזאַ נאָמען האָב איך בשום אופן נישט געקאָנט געפינען. פון וואַנען זאָל איך וויסן ווי מ'רופט אַ פיר און צוואַנציק יאָריקע קריסטלעכע, בלאָנדע דייטשקע? . . .״

— „יאָ, איך האָב אייך פאַרגעסן צו זאָגן, אַז איך טרעף אַלעמאָל דעם נאָמען פון יעדן מאַן און פרוי לויט זייער מלאכה און ווייס זייער מלאכה לויט זייער נאָמען. אַזוי, צום ביישפּיל, ווייס איך, אַז אַ מאַן וואָס הייסט גרישאַ, האָט געהאַט אַמאָל אַ מאַמען, געווען אַן אינטעליגענט, געטראָגן לאַנגע האָר און איז געווען אַן אומזיסטער פּרעסער. היינט האָט ער נישט קיין מאַמען, האָט נישט וואָס צו עסן און קיין האָר אויפן קאָפּ אויך נישט״.

— „אַ מאַן וואָס הייסט איטשע־מאיר, למשל, איז מערסטנס פון גאַליציע, אָפט פון פּוילן, אָבער קיינמאָל נישט פון דער ליטע. ער איז געווים פאַרהייראַט, אַ געשעפטסמאַן, אָבער כמעט אַלע מאָל — אויף צרות״.

— „אייב איז ביז איין און צוואַנציק יאָר אַ בחור. ער איז אַ פּריקאַזשטשיק אין שניטקראָמען. זעלטן אַז אַ „אייב״ וועט ווערן אַ שוסטער, אָדער אַ סטאָליאַר. אַ שניידער יאָ אַמאָל״.

— „זכריה איז אַ מאַן, וואָס זוכט זיין גאַנץ לעבן אַ שווער, וואָס זאָל אים מזכה זיין מיט אַ פרוי און אומזיסטע קעסט. אַרבעטן וויל ער יאָ

אמאָל, אָבער מערסטנס נישט. צו דרייסיק יאָר האָט ער אַ גאַנץ היפּש רויט בערדל און אַ זעקס קינדערלעך".

— „משה איז אַ מאַן, וואָס האָט כמעט אַלעמאָל אַן אינטעליגענטע מלאכה. אַ משה איז אַ זייגערמאַכער, אַ דרוקער, איינבינדער, שלוח־מנות־טרעגער, אַ רעדלער אויף מצות, אַ פאַבריקנמאַכער. אַ תפילין־שרייבער, אַ קעלנער, אָבער תמיד אַ שלימזל . . ."

— „ראובן איז אַ ייד, רייך אָדער אָרעם, האָט אַ באַנק אָדער אַ קראָם פון אַלטע זאַכן, אַ ספרים־געשעפט, ער האָט קיינמאָל קיין צייט נישט און איז פאַרהייראַט".

—„אַזוי טרעף איך די יידן. קריסטן זיינען נאָך גרינגער צו טרעפן".

— „אַ הויכער דייטש איז — פריץ; אַ מיטעלער רוס איז שטענדיק — איוואַן. אַ געוויינלעכער אַמעריקאַנער איז אַלעמאָל—דזשאָו. אַ דאַרן פראַנצויז רופט מען — עמיל. אַן איירישמאַן הייסט תמיד — מעק. און אַ פּאָליאַק, יאָ, אַ פּאָליאַק הייסט איגנאַץ".

— „האָב איך שוין פאַרענדיקט מיט די מענער. ביי פרויען איז דאָס די לייכטסטע זאַך צו וויסן".

— „אַ פרוי אין די מיטעלע יאָרן, צווישן 19 און 36, וועלכע שטעלט אַוועק איר טעפּל קאַכן און גייט אַריין צו אַ צווייטער שכנה באַריידן אַ דריטע שכנה, הייסט — יענטע. אַ פרוי וואָס גיט פּעטש און האָט אַ צווייטן מאַן, געגוג קינדער און אַ ברוינעם מאַנטל, הייסט — ברײַנע. ציפּע איז אַ בלאַסע ביז אַכצן יאָר, אַן אינטעליגענטקע. ביז דריי און צוואַנציק — אַ כלה, דאַן אַ שניידערין אַלע אירע יאָרן. עלטער פון צוויי און דרייסיק יאָר ווערט זי כמעט קיינמאָל נישט. עספּיר הייסט אַ מיידל ביז אַכצן יאָר. דאַן ווערט זי אסתר ביז אַ יאָר איין און צוואַנציק. נאָכדעם הייראַט זי און איז פאַרנומען מיטן מאַן און קינדער. אַ מיידל מיט שיינע, גרויסע שוואַרצע אויגן הייסט — חוה. אַזאַ מיידל פאַר־ליבט זיך יעדן זומער, קילט זיך אָפּ ווינטער און די איבעריקע זמנים פונעם יאָר טוט זי אַן אַנדער נוצלעכע אַרבעט. זי איז שטענדיק פיר און צוואַנציק יאָר אַלט. אַ מיידל וואָס הייסט ראָזע, בליט ביז זיבעצן יאָר. ביז אַכצן יאָר וויל זי אַז די גאַנצע וועלט זאָל זיין פאַרליבט אין איר. דאַן פּאַסירט וואָס מיט איר און זי הייסט שוין רייזל, רחל, רייטשל, אַזוי ביז אַ יאָר פינף און צוואַנציק. דאַן פאָרט זי אַוועק צו אַ מומען צו גאַסט און קומט צוריק מיט אַ רינגל, אַ שווערן מאַנטל און גרויסער הוט.

אזאַ פרוי טראָגט פּענסנע, האַלט אַ בוך מיט זיך און אַלטע צייטונגען. זי האָט ליב די גאַנצע וועלט, אָבער מער פון אַלץ — זיך און איר שווערן מאַנטל".

— „יאָ, איך האָב אייך פאַרגעסן צו זאָגן, אַז אויב איך וועל נישט פאַרדינען גענוג געלט פון מיין ראָמאַן וואָס איך שרייב, וועל איך זיך אָנטאָן אין אַ שוואַרצן כאַלאַט, פאַרבינדן די אויגן מיט אַ רויטן טיכל און וועל טרעפן אַלעמען זייערע נעמען לויט זייער מלאכה, אָדער זייער מלאכה לויט זייערע נעמען".

— „בין איך געפאַלן אויף אַן המציאה: גיין אין גאַס און זוכן, און ווען איך וועל געפינען דעם ריכטיקן טיפּ, זאָל איך פּרובירן מזל און פרעגן. גיי איך שוין צוליב געשעפט, הייסט עס, און זוך. עס גייט נישט אַוועק קיין פיר מינוט — זי קומט אָן! . . . אַ דייטשקע פון 24 יאָר, אַ בלאָנדע, אַ פאַרחלומטע, אַ פאַרליבטע מיט נאָז און אויערן, אָט פונקט ווי איך דאַרף עס האָבן צוליבן יידישן יונגנמאַן פאַר מיין ראָמאַן. עס בלייבט נאָר איין זאַך, איר פרעגן ווי זי הייסט און מער גאָרנישט".

— „יאָ, איך האָב אייך פאַרגעסן צו זאָגן, אַז איך בין בטבע אַ שעמעוודיקער, בין איך. טראַכט איך, איכ'ל איר פאַרלויפן דעם וועג, גיין אַנטקעגן און אַ שמייכל טאָן. און איך טו טאָקע אַזוי. איך גיב איין שמייכל, ענטפערט זי מיט צוויי, ענטפער איך אָפּ מיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ, שאָקלט זי מיט איר גאַנצן קאָפּ און קערפּער. איך האָב זיך אַנטשולדיקט פאַר איר און זי גלייך געוואָלט פרעגן איר נאָמען, אָבער זי איז צוגעגאַנגען צו מיר אַזוי פריינטלעך און אַזוי נאָענט, אַז דאָס בלוט איז מיר אַריין אין קאָפּ און איך האָב שוין פאַרגעסן צו פרעגן ביי איר איר נאָמען, און אָנשטאָט דעם געפרעגט, צי וואָלט זי וועלן גיין שפּאַצירן מיט מיר".

— „וואָס הייסט נישט? איך קאָן אייך שוין אַ לענגערע צייט. פאַר די לעצטע אַכצן מאָנאַטן זע איך אייך שפּאַצירן אויף דעם בולוואַר און איך גיי אייך אַלעמאָל נאָך, ווייל איר געפעלט מיר און איך וועל גיין פאַר אייך אין פייער און אין וואַסער".

— „איך האָב אייך פאַרגעסן צו זאָגן, אַז איך בין געווען אין ווין איינגאַנצן צוויי וואָכן צייט. האַלט איך איר אָרעם און מיר גייען. כ'ווייס נישט ווי לאַנג דאָס איז געווען, אָבער זיכער נישט מער ווי אַ פיר מינוט. איך זע די דייטשקע מיינע שטעלט זיך אָפּ ביי אַ פענצטער פון

נאַז־טיכלעך און אַנדערע קלייניקייטן, שטייט דאָרט ווי אַן איינע־שפּאַרט פערד, זוכט און נישטערט ביי זיך אין בייטעלע און רופט זיך אָפּ: — אַ שרעקלעכע זאַך אַרויסצוגיין פון הויז אָן אַ נאַז־טיכל! פּאַסט דאָך נישט, זאָג איך צו איר: מ'קאָן זיך אָן עצה־געבן . . . מיר גייען ביידע אַריין אין געשעפט און זי הייסט זיך דערלאַנגען די בעסטע און גרעסטע נאַז־טיכלעך".

— "אַרויס פון דאָרטן, נעמט נישט קיין דריי מיט אַ האַלבן מינוט, זי ווישט זיך אָפּ דאָס פּנים און דערזעט אַ זעלצערוואַסער־קיאָסק, ווערט זי דורשטיק ווי אַ קעמל, וואָס קומט פון אַ לאַנגער נסיעה אין דער סאַהאַראַ־וויסטעניש. אַרויס פון דאָרטן האָט זי דערזען אַ רעסטאָראַן, איז זי הונגעריק געוואָרן ווי זי וואָלט פון אַ טיפוס־קרענק אויפגעשטאַנען. גייען מיר אַריין און די בחורטע מיינע, די בלאַנדע דייטשקע, האָט זיך אַזוי צוגעכאַפּט צו דער אכילה, אַז איך האָב געמיינט, אַז אָט־אָט און זי הייסט זיך פאַרקויפן דעם גאַנצן רעסטאָראַן".

— "אַרויס פון דאָרטן, טראַכט איך מיר, אָט דאָ פרעג איך איר ווי זי הייסט און אַ סוף זאָל עס נעמען!"

— "יאָ, איך האָב אייך פאַרגעסן צו זאָגן, אַז איך בין אַ פאַרהייראַטער בין איך. איך האָב אַ פרוי מיט עטלעכע קינדער, אָבער די בחורטע רוט זיך נישט אָפּ. זי האָט גלייך דערזען אַפּישן פון לעבעדיקע בילדער און זאָגט מיר אָפּן, אַז זי ליבט מיך זייער שטאַרק און אַז צווייפל, אָבער אַז רודאָלף וואַלענטינאָן האָט זי שוין לאַנג געליבט און זי וואָלט אים וועלן זען אַ טויטן אויף די לעבעדיקע בילדער. נאַטירלעך אַז איך האָב איר נאָמען שוין נישט געפרעגט, און מיר זיצן שוין אין טעאַטער. אַרויס פון דאָרטן האָט זי גלייך דערזען פּלאַקאַטן פון אַ צירק און מיר דערציילט, אַז זי איז באַגייסטערט פון קלאַסישע טענץ און וואָלט טאַקע וועלן זען די פערד טאַנצן. זיצן מיר שוין אין צירק און זי איז פאַרטאָן אין די קלאַסישע פערדישע טענץ, איז פרעגן ווי זי הייסט האָב איך נאָך אַלץ נישט געקענט".

— "אַרויס פון דאָרטן איז זי ווידער זייער הונגעריק געוואָרן און מיר זיצן שוין ווידער אין אַ רעסטאָראַן און מיר טרינקען ביידע און זי עסט. וואָרום עפּעס, זי עסט? יאָ, ווייל איך האָב אייך פאַרגעסן צו זאָגן, אַז איך בין אַ וועגעטאַריער, ס'הייסט איך בין אַ צער־בעלי־חיימניק. איך עס נישט קיין פליייש, קיין פיש, קיין הון און קיין הערינג און קיין אַנ־

דערע טויטע זאכן, וואס איידער זיי זיינען טויט לעבן זיי. זיצט זי לעבן מיר, האלב־שיכור פונעם ווייַן און ביר, דערקלערט זיך מיר אין ליבע. פון איר מויל רינט דער ווייַן און זי האלט אין איין רייסן און שטופן אין מויל שטיקער פעטע חזיר, הייַנט גיי פרעג איר ווי מ'רופט זי, אז זי האלט אין איין עסן און איז פארנומען. זיץ איך און איך טראַכט, אַט נאך איין שטיקל, אַ גאַר פעטע ווייסע שטיקל וועט זי ענדיקן און אַ סוף, פרעג איך זי איר נאָמען און איך בין פאַרטיק, ערשט די בחורטע נעמט דאָס שטיקל ווייסע פעטע חזיר און שטופט מיר אין מויל אַריין, נישט אַנדערש, איך מוז עס עסן. — 'דו מוזט', — שרייַט זי שיכורערהייט, — 'אַניט האָסטו מיך נישט ליב'. נו, נו, פרעגט שוין נישט. ס'איז אַוועק בייַ מיר אַ האַלבער טאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט. מיין גאַנצער קאַפּיטל האָט זיך אויסגעלאָזט, מיט חזיר האָב איך זיך אַנגעגעסן און קוים מיט צרות אַנטלאָפן פון איר, און קומענדיק אַהיים האָב איך זיך דערמאָנט, אַז איר נאָמען האָב איך פאַרגעסן בייַ איר צו פרעגן".

# 18

## אַ שטיק לעבן פאַר אַ נייעם מיטגליד

(הומאָרעסקע)

אַקעגן דעם וואָס מ'זאָגט, נייע מיטגלידער פאַרן ברעננטש פון אָרדן. שטייט דער אָרגאַנאַיזער און טענהט מיט די מיטגלידער:

— „אויב איר ווילט שאַפן נייע מיטגלידער פאַרן אָרדן, וועט דאָס פון הימל נישט אַראָפּפאַלן. איר מוזט אַוועקגעבן אייער צייט, געדולד, און אויב איר ווילט, אַ שטיק לעבן!". דאַן זייער דראַמאַטיש, — „ניין, אַ גאַנץ לעבן!" . . .

דאָס לעצטע איז מיר אַרייַן שטאַרק אין נאָז, ווייל מיין לעבן, פאַרשטייט איר מיר, אַפילו אַז עס איז נישט אַזוי אײַ־אײַ־אײַ, און ווי שווער דאָס זאָל נישט זיין, ווייל איך דאָך, אויס געוואוינהייט, נישט אַוועקגעבן דאָס גאַנצע לעבן, אַריינצוקריגן אַ נייעם מיטגליד אין אָרדן.

זעט איר, אַ ש ט י ק ל ל ע ב ן — דאָס איז שוין אַן אַנדער זאַך.

האָב איך מיר דערמאָנט, אַז שוין איבער אַ יאָר ווי איך האַלט אויפֿן שטריקל איינעם אים אַריינצונעמען אין ברענטש. איך האָב שוין אויסגעגעבן כמעט מער ווי אַ „קוואָרטל דיוס" צו פֿאָרן צו אים, און ווען איך קום צו אים, פֿאַרהאַקט זיך מיין צונג און מ'רעדט ווידער דאָס זעלבע, אָבער צוליב וואָס איך בין געקומען און דאָס וואָס איך האָב איינגעחזרט מיט זיך אַליין און געהאַט אויפֿן צונג — איז פֿאַרשוואונדן.

און אַז איך האַלט שוין ביים אַוועקגיין, זאָג איך אַלץ אַרויס אויף שנעל, אָבער ער כאַפּט אַריין אַ פֿולע מויל מיט טשוועקעס, און זאָגט מיט אַן איינגעבויגענעם צונג אַ געוויינלעכן, — „נישט איצט".

יאָ, איך האָב אייך פֿאַרגעסן צו זאָגן, אַז ער איז אַ שוסטער, און ער איז נעבעך אַ באַלעבאָס פֿאַר זיך אַליין, איז ער.

האָב איך מיך אָנגענומען מיט מוט פֿון דעם אָרגאַניזערס באַמערקונג און „ביט פֿאָסעמו" — איך מוז אים אַרייננעמען אַלס מיטגליד פֿון ברענטש, אַפֿילו אַז ס'זאָל מיר קאָסטן אַ שטיקל לעבן.

געקומען. „גוד מאָרנינג". ער דערציילט מיר ווידער דאָסזעלבע ווי פֿאַראַיאָרן, מיט אַ חודש צוריק, און מיט אַ וואָך צוריק.

ער קוקט זיך זייער פֿאַרזיכטיק אַרום, ווי ער וואָלט זיך שעמען פֿאַר די ווענט און דיל און זאָגט, אַז ער האָט שוין לאַנג געוואָלט קומען צו אַ מיטינג, נאָר ער האָט נישט קיין מאַנטל, ווייל זיין גוטן מאַנטל, וואָס ס'איז אים פֿאַרבליבן פֿון די פּראָספּעריטי יאָרן האָט אַ קאַסטאָמער זיינער זיך מרחם געווען אויפֿן מאַנטל און אים „אַוועקגעליען", אַז זיין ווייסן. זיצט ער שוין אַזוי דעם דריטן ווינטער אָן אַ מאַנטל.

פֿאַלט מיר איין אַ געדאַנק: אַלעמאַי אים נישט אַנטלייען מיין פֿרילינג־מאַנטל און זאָל ער קומען צום מיטינג. אַי עס איז איצט אַ ברענענדיקער פֿראָסט, נו, איז וואָס, זאָל איך אים אַוועקגעבן מיין ווינטערדיקן מאַנטל אַן געלט?

באַשליסן מיר, אַז איך לויף אַוועק און ברענג אים מיין מאַנטל און מיר פֿאָרן גלייך צום מיטינג, ווייל מיר האָבן היינט אַ ספּעציעלן מיטינג מיט אַ פּרייוען דאָקטאָר.

לויף איך, ס'הייסט איך פֿלי מיטן עקספּרעס פֿון האַרלעם קיין בראָנקס, באַצאָל אַ ניקל ביים אַריינגאַנג און דעם צווייטן (פֿון אויסגעביטענעם „דאַים") ביים אַרויסגיין, און אָט האַלט איך דעם מאַנטל און שטיי שוין

ביי זיין, מישטיינס געזאָגט, קרעמל, און ס'גייט מיר אַריבער אַ קעלט!

דאָס קרעמל איז פאַרמאַכט.

לויף איך שוין אין געהאַקטע וואונדן צו אים אין שטוב אַרויף אויף צוויי און זעכציק טרעפּ — ס'איז אויפן זעקסטן עטאַזש.

דאָס ווייב איז ביי אים פּלוצים קראַנק געוואָרן. רייד איך מיט אים וועגן היטלערן, ניו־יאָרקער ווינטער, „סווינפּסטעיקס", פון נעכטיקע טעג און קאַלטע וועטשערעס, אָבער נישט צוליב וואָס איך האָב אים דעם מאַנטל געבראַכט, ווייל די שוויגער זיינע האָט מען אַמאָל אָפּגע־שראָקן מיט די קאָמוניסטן, איז אַזוי גיך ווי מ'פאַנגט אָן ריידן וועגן אָרגאַניזאַציע, אָרדן, יוניאָן, אָדער אַז זי דערזעט אַ צייטונג, אַ ביכל, אַ בלעטל, ציטערט זי זיך אַן ווי אַ ליכט.

ער איז אַרוים מיר „באַגלייטן" און באַשלאָסן, אַז אַ צווייטן מאָל, מעג דונערן און בליצן, וועט ער גיין צום מיטינג און ווערן אַ מיטגליד אין אָרדן.

מיט צוויי וואָכן שפּעטער, מיט אַ שעה פאַר דער באַשטימטער צייט, בין איך שוין דאָ ביי אים אין קרעמל.

איין קאָסטאָמער גייט אַרוים, אַ צווייטער גייט אַריין. ער שלינגט איין הויפן צוועקלעך נאָכן צווייטן, קלאַפּט און לויפט פון איין מאַשין צו דער צווייטער, און וואַרפט פון צייט־צו־צייט אַ האַלבע אויג אויף מיר.

איך זיץ אין דער בודקעלע און קוק דערווייל דורך דעם „מאָרגן־זשורנאַל" (מיין צוקונפטיקן מיטגלידס קולטורעלע ירושה). פינף מינוט נאָך אַכט זאָגט ער צו מיר: (יאָ, איך האָב אייך פאַרגעסן זאָגן, אַז ס'איז שוין געוואָרן פּרילינג) — „דער אמת איז, אַז איך האָב באַשלאָסן היינט צו גיין. דו זעסט, איך בין פאַרטיק. אָבער ווי קומט מען צו אַ מיטינג מיט אַזאַ שמוציק 'סוטל'? !"

ער באַקוקט זיך פון אויבן אַראָפּ און קריגט רחמנות אויף זיך אַליין.

— „נישטאָ וואָס איבערצובייטן", — כאַפּט ער מיינע רייד ווי פון מויל אַרוים. ווער איך נישט שטאַרק איבערראַשט און עס לויפט מיר אַריין אַ צווייטער געדאַנק: איך האָב אַ זומערדיקן „אַנצוג" וואָס הענגט אין אַלמער, איז פאַרוואָס טאַקע נישט אַנטלייען אים? ס'איז דאָך אַלץ וויניקער ווי אַ „שטיקל לעבן"! (דאָ דערזע איך דעם ווייז־ערי פון דעם אָרגאַנאַיזער), היינט וואָס דער אַנצוג איז אַ זומערדיקער און אין

גאָס איז נאָך נישט זומער; נו, איז וואָס וויל ער אַז געלט?

צען מינוט נאָך ניין בין איך געקומען צוריק צו אים מיטן אַנצוג אין האַנט (ער האָט מיך אַפילו נישט באַדאַנקט — איך בין דאָך איצט אַ חבר!). דערציילט ער מיר, אַז אַרויפקומענדיק אין הויז האָט ער גע־טראָפן זיין שוויגער נישט מיט אַלעמען. דאָס איבעריקע שטויסט איר זיך שוין אַליין אָן...

נו, פאַרוואָס־זשע פרעגט איר טאַקע נישט, וואָס ס'איז געוואָרן פון מיין „בידנעם" פרילינג־מאַנטל און פון מיין זומערדיקן אַנצוג?

ס'איז אַוועק שוין נאָך אַ ווינטער און נאָך אַ זומער און נישט דער ברענטש האָט מיין מיטגליד און נישט איך האָב צוריק מיין אַנט־ליענעם מאַנטל און אַנצוג.

# 19

## דער שרייבער און די וועלט

(פעליעטאָן)

עס זיינען פאַראַן פיל אומגליקן אויף דער וועלט, וואָס וואָלטן גע־קאָנט פאַרמידן ווערן, ווען נישט קיין קלייניקייטן וואָס כאַפּן זיך אַריין אין וועג, און ווען זיי קומען נישט וואָלט די וועלט גאָרנישט פאַרלאָרן. צום ביישפּיל, אַ מענטש ווערט געבוירן מיט אַן „אַפּענדיק", מאַכט ער זיי אַן אַזוי פיל צרות, און ס'איז זיכער, אַז מ'האָט געקאָנט גאַנץ גוט אויסקומען אָן „אים". וויפל ווייען און געשרייען, צרות און אומגליקן עס ווערן געבוירן צוזאַמען מיט דעם „אַפּענדיק"!

ס'איז אָבער אַ פראַגע פון צייט. באַלד, באַלד און מיר וועלן באַשטי־מען וואָס מ'זאָל געבוירן און במילא ווי עס זאָל געבוירן ווערן.

לעצטנס טיילט־מיט די וויסנשאַפט, אַז מ'האָט שוין אויסגעפונען אַ

מיטל צו געבוירן וואָס מ׳וויל: אַ ייִנגל אָדער אַ מיידל . . . און גלייך ווי מ׳וועט אַרויסקריגן אויף דעם אַ „פּאַטענט״ (נאַטירלעך וועט עס אַרויסקריגן אַ ייד), וועט מען צום אַלעם ערשטן באַשטעלן, אַז מענטשן זאָלן געבוירן ווערן אָן „אַפּענדיקס״, וועט עס פּילייכט אויסמיידן אַז פּיל מענטשן זאָל נישט זיין קיין „שלאָקס״ און קרענקס . . .

נאָכדעם, נאַטירלעך, וועט מען זיך אויסצייילן אַלע מענער און פרויען, און מ׳וועט נאַטירלעך וועלן האָבן מער פרויען, ווי די געלערנטע זאָגן, אַז צוליב צופּיל מענער דאַרף מען מלחמות, אויסצוהרגענען אַלע שלעק און קרענק, דאַרף מען דעריבער האָבן מער פרויען כדי אויס־צומיידן מלחמות . . . און צווייטנס, וועט מען האָבן מער פרויען, וואָלט אויף יעדן מאַן אויסגעפאַלן צוויי פרויען, און אַ מאַן וואָלט נישט פאַר־פאַלגט געוואָרן פאַר האָבן אַ לינקע . . . געליבטע, און די פרויען וואָלטן זיך איבערגענומען וואָס זיי טויגן כאָטש פאַר עפּעס . . . פאַר געליבטע, און מענער טויגן נאָר פאַר הריגות און מלחמות . . .

און אַז דאָס וועט ווערן באַזאָרגט, וועט זיכער זיין לייכט פאַר דער וויסנשאַפט אויסצוגעפינען אַ „פּאַטענט״, אַז מ׳זאָל געבוירן פּאַרטיקע טאַלאַנטן און בעלי־מלאכות. צום ביישפּיל, מ׳זאָל אין אַ שטאָט פון אַזוי פּיל און אַזוי פּיל איינוואוינער געבוירן אַזוי פּיל און אַזוי פּיל שוסטער, שניידער, וועבער, סטאָליאַרעס, רעסטאָראַטאָרס, בשמים־קרע־מער, שניט־פּאַרקויפער, אַרטיסטן, פּורמאַנעס, דאָקטוירים, לאַיערס און שרייבער. איבערהויפּט וואָלט איך „נאָסטאַיעוועט״, אַז מ׳זאָל קאָנטראָ־לירן וויפל שרייבער צו האָבן, אָדער, אויב מעגלעך, נישט צו געבוירן קיין שרייבער אינגאַנצן, ווייל אָך און ווי איז צו דער מאַמען, וואָס האָט געבוירן אַ שרייבער! . . .

שטעלט זיך פאָר, די מאַמע האָט אייך געהאַט, און איר זייט אַ שריי־בער און איר שרייבט פאַר אַ צייטונג, איז וויפל שורות, וויפל אותיות, וויפל פּינטעלעך, אַזוי פּיל שונאים . . .

ווייזט איר אַז אויף חסרונות פון ראַדיקאַליזם, זייט איר אַ פריינט פון די קאַפּיטאַליסטן. שרייבט איר אַז איר האָט ליב טראָצקין, מוזט איר פּיינט האָבן לעגינען. שרייבט איר וועגן קאַפּיטאַליסטן, געפינט מען אויס, אַז איר האָט ערגעץ אַ „בענקינק־אַקאַונט״. שטראָפט איר אַ לענד־לאָרד, דערשמעקט מען, אַז איר האָט ערגעץ אַ הייזקע און נעמט אויך

רענט . . . שרייבט איר קעגן פאַנאַטיזם, געפינט מען אויס, אַז איר זייט אויך אַ פאַנאַטיקער . . .

שרייבט איר פאַר די „רעכטע" ברוגזן זיך די „לינקע". שרייבט איר פאַר די „לינקע", פאַרדאַמען אייך די „רעכטע" . . .

ווילט איר ניט שרייבן אַז די בעסטע דערציאונג קריגט מען אין דער תּלמוד־תּורה, ווייזט מען אייך, אַז די ראַדיקאַלע שולן זיינען אויך נישט פּולקאָם . . .

שרייבט איר קעגן הערשאַפט, ווייזט מען אייך אָן, אַז אין דער היים זייט איר דער גרעסטער דעספּאָט . . .

דאָס איז אַלץ ווען איר ווילט אייער נשמה נישט פאַרקויפן . . . און איר ווילט זיין אַ מאָראַליסט, אַן אויפריכטיקער שרייבער, איר ווילט שרייבן וואָס אייערע געפילן דיקטירן אייך . . .

היינט ווענן וואָס צו שרייבן, איז ווי צו דער מאַמען וואָס האָט גע־בוירן אַ שרייבער! . . . שרייבט איר "חלומות" ווילן זיי „וואָרהייט", שרייבט איר פּראָזע, ווילן זיי פּאָעזיע. שרייבט איר סקיצן, ווילן זיי ראָמאַנען. שרייבט איר באַלאַדן, ווילן זיי פאָלקס־מעשׂיות.

שרייבט איר פיל, ווילן זיי ווייניק. שרייבט איר ווייניק — זייט איר נישט קיין שרייבער . . .

דאָס איז אַלץ פאַר דער מענטשהייט . . .

היינט אייער באַלעבאָס, דער יעניקער וועלכער צאָלט אייך פאַרן שרייבן? ער איז אייך מוחל אייער גאַנצע שרייבעריי! ער וועט שרייבן, זאָגט ער, טשעקס און איר שרייבט אַנאַנסן . . .

זעט איר, אַז מ'קאָן אויסקומען אָן דעם אַפּענדיק, און מען וועט פּי־לייכט קענען אויסקומען אָן שרייבער. אָבער היינט איז אַ בראָך צו דער מאַמען וואָס האָט געבוירן אַ שרייבער! . . .

# 20

## „יוניאָן“ קוויטלעך

(פעליעטאָן)

גאָט איז דעם יאָר אַ סך פאַרעלטערט געוואָרן און ס'איז קיין וואונ־דער נישט . . . ס'איז איצט „עשרת ימי תשובה“, און מ'אַרבעט דאָרט ביי אים אין אָפיס טאָג און נאַכט, פיר און צוואַנציק שעה אַ מעת־לעת, דריי סמענעס צו אַכט שעה און מ'שרייבט קוויטלעך פאַר די יידעלעך. נאַטירלעך, אַרבעטן דאָרטן יוניאָן־מענטשן און אויף די קוויטלעך איז פאַראַן אַ „יוניאָן־לייבל“. „רוקאַ־רוקו מאַיעט“, אַ האַנט וואַשט אַ האַנט. די יידעלעך פון „פאָרווערטס“, פון אַרבעטער־רינג, פון נאַציאָנאַלן אַר־בעטער־פאַרבאַנד, פון די געוועקשאַפטן, פון די סאָציאַליסטן, פון די ציוניסטן און פיל ראַדיקאַלן, און פון נישט־מיר־נישט־דיר יידעלעך, לויפן אין שול ימים־נוראים, טו, „פאַר קריים־סעיק“, וואָרום זיי נישט אָפּדינען? זיצט דער אַלטער און שוויצט און לעבן אים אַ גאַנצע קאָפּ־טע יוניאָן־אַרבעטער, און מ'שרייבט קוויטלעך פאַר די „גוטע יידן!“

אָבער היינטיקס יאָר, איז אים שווערער ווי אַלע פריערדיקע יאָרן און ער טראַכט: — „פשאַקרעוו!“ ס'אַראַ מזל מיינע קינדער האָבן — צוויי נייע יאָרן אין איין יאָר: איין יאָר, פון „שישת ימי בראשית“, ווען איך האָב די שלימזלדיקע וועלט באַשאַפן, תרצ—, נאָענט צו זעקס טויזנט יאָר — אַ ראש־השנה, און אַ צווייטן יאָר — 1929, ווען מיין זון איז געבוירן געוואָרן! . . . (אַ טאַטע צו פיר טויזנט יאָר.)

„פאַר קריים־סעיק!“ ס'איז דאָך קיין וואונדער נישט, וואָס איך ווער אַלט, שטום און בלינד. זיי, די יידעלעך, און איבערהויפּט די סאָציאַ־ליסטן, ציוניסטן, ליבעראַלן און נישט־מיר־נישט־דיר יידעלעך זיינען מיר מקצר־ימים.

דעם יאָר, מער ווי אַלעמאָל, ווערט דער אַלטער גאָט אויסגעריסן פון שווערער אַרבעט. עפּעס אַ קלייניקייט אַזוי פיל קוויטלעך אָנצושרייבן! איבערהויפּט איז אים שווער דאָס צו טאָן דעם יאָר, ווייל ער ווייסט, אַז די יידעלעך פייפן אויף אים, און איבערהויפּט די סאָציאַליסטן און ציו־

ניסטן, וועלכע לייגן ארונטער טלית און תפילין אונטער דער קאמע־נארקע און לויפן אין שול אריין . . .

זאלן אבער נאר די שרעקלעכע טעג פאריבער און ווידער וועלן זיי בלאפן, עקספלואטירן, סקעבן און שווינדלען. „דזשיזוס קריים", וויפל מ'מוז היינטיקן יאר שרייבן! . . .

די ציוניסטן און סאציאליסטן זיינען ביזן היינטיקן יאר געווען מחוץ למחנה, זיי האבן וויניק געהאלטן פון די אלע ווילדע מנהגים, וואס די פארעוועע יידעלעך רופן דאס איצט טראדיציעס, אבער היינטיקס יאר האט מען זיך אנגעכאפט אן די פרוכת און מען לאזט נישט אפ. דערפאר דארף ער היינטיקס יאר אנשרייבן קוויטלעך, א חוץ פאר די דיינים, רבנים, דרשנים, גוטע־יידן, באלעבאטים, אויך פאר די ציוניסטן און סאציאליסטן. און ער ארבעט מיט יאשטשערקעס, דער „טאטע פון זון".

אויף דעם בלוט פון הונדערט און פופציק אומגעקומענע יידן אין פאלעסטינע שלאגט קאפיטאל די פארקויפטע געל־שווארצע יידישע פרעסע פונעם גאנצן לאנד, און אויף זיי קוקנדיק, די פליגעלעך, די ווע־רים, דער אפפאל פון דער געזעלשאפט, די היגע וועכנטלעכע „שמאר־וואזן", וועמענס רעדאקטאר איז א טונקעלע באשעפעניש, פון נישט־מיר־נישט־דיר, פון די נישט־דא און דארט, פון נישט־וויים־איך־ווער און וואס, און פון דער טייוול וויים פון וואנען, צו אונדז אהער געקומען און שמירט אוים גאנצע זיבן שפאלטיקע זייטן מיט העצעס און אנרייצן קעגן די ארבעטער, קעגן די קאמוניסטן, קעגן פרייהייט־קעמפער און קעגן אלץ וואס איז ס'איז הייליק און טייער.

אט־די ברואים רייצן צו אפענע פאגראמען קעגן די ארבעטער קאא־אפעראטיוון און קעגן אלע ארבעטער־אינסטיטוציעס, וואס זיינען דאס ליכט אויף דער יידישער גאס. פאר דעם צוועק האבן זיי געשלאסן שותפות מיט די שווארצסטע פון אלע שווארצע . . .

און צי אזעלכע „פיינע", „ערלעכע", „רעספעקטירטע" מענטשן זיינען ווערט א יוניאן־צעטל פון זעלבן ריבונו־של־עולם, איז קיין פראגע . . . ווייל צו זיי באלאנגען די פארדערבטיקסטע פערזענלעכקייטן און זשור־נאליסטן פון סאן־פראנציסקא, די „פראפעסארן" פון די תלמוד־תורהס, די פעפערדיקע דאקטוירים, שמשים, חזנים, מוהלים, ציוניסטן, סאציא־ליסטן און אפילו „קארענלאטיקע" אנארכיסטן, און אז זייער אויפרוף צו די יידן און צו דער מענטשהייט קאן האבן „דערפאלג" איז קיין פראַ־

גע נישט. דאָרט שמירט זיך אין אַלע עדיטאָריעלס בזה־הלשון:

„אַפילו די רעגירונג וועט שטיין מיט אונדז אויסצוראָטן די קאָמוניסטן און רויטע".

יאָ, טייערער שמירער מײַנער, איך ווייס נאָך ווער עס וועט זײַן מיט אייך, אַ חוץ די אויבנדערמאָנטע:

אַלע שפּיאָנען, פּראָוואָקאַטאָרן, גענגסטער, מאַנופעקטשורער, אַלע מה־יפית־ייִדן און אויך אַלע הייליקע און גאָט־געזאַלבטע...

דער אַלטער אויסגעמאַטערטער, אויסגעוויקטער, אָפּגעלעבטער, צע־קראַכענער, לעמעשקע־גאָט אייערער, איז נאָך אויף אַזוי פיל מענטש און ווייסט אַז אַ צעטל אייך אָנשטייבן וועט ער מוזן, ער קאָן זיך נישט העלפן, „רופא רוקו מאיעט"... אָבער „גאָד־דעמיט!" שרייט ער אין שלאָף, און שרייבט זײַנע קוויטלעך אונטער פּראָטעסט.

— „איך האָס זיי!" — שרייט דער אַלטער עובר־בטלניק, — „אָט־די פינצטערלינגען, די אַנאַניסטן, די ליבעראַלן, די נישט־מיר־נישט־דיר ייִדעלעך, די טומטומס, די אַהין־און־אַהערפײַנשמעקער פון „אונדזער וואָרט", די פאַרדעכטיקטע רעדאַקטערע פון היגער הייזעריקער „שטימע", מיט זייער גאַנצן פּעקל אונטערשטופּער און אונטערלעקער".

— „פּאָר קריים סעיק", — טראַכט ער בײַ זיך, — „איך שרײַב אייך קוויטעלעך, אָבער 'גאָד־דעמיט', זײַט מענטשן, זײַט מאַן אָדער פרוי, אַהין אָדער אַהער און בלאָפט מיר נישט מער און פאַרקירצט מיר נישט מײַנע אַזוי אויך נאָך קורצע יאָרן וואָס איך לעב נאָך".

# 21

## בערעלע און יאָסעלע

בערל איז געבוירן געוואָרן אין אַ הויז פון דחקות און נויט, נאָך די שכינה האָט אויף אים געשײַנט, אַזוי האָבן אַלנפאַלס גערעדט וועגן אים אַלע אַרומיקע, ווען ער איז געקומען אויף דער וועלט.

ווי בערל אַליין האָט דערציילט, איז ער געבוירן געוואָרן אין דער גרויסער, ליטישער, אָרעמער, באַצויבערנדיקע שײַנע שטאָט ווילנע,

אין אַ הויף נישט ווייט פון די „בולוואַנעם". די בולוואַנעם איז געווען אַ הויף אָדער אַ געביידע מיט אַ גרויסן באַלקאָן, וואו צוויי מעכטיקע שטיי־נערנע, פיין־געטאַקטע פיגורן זיינען געווען די אונטערהאַלטער פון דעם גרויסן שווערן באַלקאָן, און דאָרט אונטן איז געווען אַ באַרימטע באַנק, וואו הונדערטער פאַרשמייעטע, צעטומלטע און פאַרסאָפּעטע יידן פלעגן אַריינגיין און אַרויסגיין פון פרימאָרגן ביז שפּעט נאָכמיטיק, פון מאָנ־טיק ביז פרייטיק.

בערל איז געבוירן געוואָרן אין אַ הויף נישט ווייט פון דאָרטן. אינעם הויף האָט ער געלעבט ביז וואַנען ער איז פון דאָרט אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע. פון יענעם הויף איז ער אין חדר געגאַנגען, אין דער ישיבה, און שפּעטער זיך באַקענט מיט רבקהלען, מיט איר חתונה געהאַט און אין אַ געוויסן פאַרנאַכט זיינען זיי אַרויסגעפאָרן צו דער דייטשישער גרענעץ, געגנבעט די גרענעץ צוזאַמען מיט נאָך דריי מענער און אַ פרוי.

דער הויף, וואו ער איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן האָט געהאַט צוויי טויערן. איין טויער איז אַרויסגעקומען אויף אַ הויפּט־גאַס. אי־בערן גרויסן טויער פון הויף איז געווען אַ גאַסטיניצע (אַן אַריינפאָר־הויז), וואו פאַרשיידענע טונקעלע געשטאַלטן, אַפּיצערן, נאַטשאַלסטוואָ און רייכע פּוסט־און־פּאַסטניקעס פלעגן קומען צופאָרן אויף גומענע בריטשקעס מיט זייערע אָנגעפּאַרבטע, אָנגעפּודערטע פאַרפּומירטע פרויען, אַמאָל אויך מיט קינדער. די אָנקומענדיקע פלעגן רעדן הויך, חוצפּהדיק, שרייען, לאַכן. נאָענט לעבן זיי פלעגט מען שפּירן דעם גע־רוך פונעם בראַנפן וואָס זיי האָבן געטרונקען. אויף דער בריטשקע אין דער הויך איז געזעסן דער אָנטרייבער, סטעפּאַן, אַ ברייט־פּלייציקער, מיט אַ גראָבן בויך און פעטן פּנים, מיט אַ פונאַנדערגעשפּרייטער באָרד און וואָנצעס און געהאַלטן אַ לאַנגע בייטש אין זיין האַנט.

דער אַנדערער טויער איז געווען ווייט אויף דער אַנדערער זייט הויף, וואָס איז אַרויסגעקומען אויף אַ קליינעם פּערעאולאָק (אַ הינטערגעסל). דאָרט זיינען געווען די שטאַלן פאַר די גרויסע, שיינע פערד, וואָס סטע־פּאַן פלעגט יעדן טאָג רייבן מיט באַרשטן און וואַשן מיט עמערם וואַסער און זייף, וואָס ער פלעגט שלעפּן פונעם ברונעם אינמיטן גרויסן הויף.

איבערן שטאַל, פון וואַנעט ס'האָט געשלאָגן אַ שטיקנדיקע פאַרע פון היי, שטרוי און פערדישן אָפּפאַל, איז געווען די וואוינונג פון בער'ס משפּחה: טאַטע־מאַמע, פיר ברידער און דריי שוועסטער. זיי האָבן גע־

וואוינט אין דריי צימערן. אין פאָדערשטן צימער איז געווען איינגע־מויערט אַ גרויסער קאַלכענער אויוון, וואו בערל מיט זיין עלטערן ברו־דער בנימין פלעגן שלאָפן. ווינטער איז דאָרט געווען גאַנץ מחיהדיק, אָבער זומער — שטיקנדיק, פאַרפאַרעט, פאַרכמורעט און פאַרטשאַדעט, נישט אויסצוהאַלטן. אין צווייטן צימער, דאָס קלענסטע אינעם הויז, איז געווען דאָס שלאָפצימער פאַר טאַטע־מאַמע, און אין עסצימער זיי־נען געשלאָפן די אַנדערע צוויי יינגערע ברידערלעך פון איין זייט און די שוועסטער פון דער אַנדערער זייט, אויף טיש און בענק, דורכצו־שלאָפן די נעכט . . .

אַרויפצוגיין אין דער דירה האָט מען באַדאַרפט אַרויף אויף הויכע, אייזערנע טרעפ, און ווען די ברידער זיינע, אכט און צען יאָר אַלט און די שוועסטערלעך פיר און זעקס יאָר אַלט זיינען געזעסן אויף די טרעפ אַריינצוכאַפן פרישע לופט, שפּילן אין צייכנס, אָדער גלאַט זיצן ווי קינ־דער, רעדן, לאַכן, שטיפן, האָט דער דייטשער שכן זייערער, אַרויפגייענ־דיק אָדער אַראָפגייענדיק די טרעפ, זיי אַ בריקע טאָן מיט זיינע גלאַטיק־אָפּגעפּוצטע שטיוול און באַגלייט זיי מיט שימפווערטער: — „יודען־שווייַן!"

אין הויז האָט מען זייער שטאַרק געהאַלטן פון בערלען. די מאַמע האָט נישט נאָר געוואָלט, אַז בערעלע זאָל ווערן אַ רב, ווייל לויט ווי בערעלע האָט זיך געלערנט אין חדר און אין דער ישיבה, האָט אַנדערש נישט געקאָנט זיין . . . ער מוז און וועט מיט גאָטס הילף זיין אַ רב, און אַ גוטער רב דערצו!

דער טאַטע זיינער, אַ נידעריקער, ברייטפּלייציקער ייד, ר' שלום, איז געווען אַ ייד אַ למדן, האָט יינגערהייט געטרוימט שיינע חלומות, אַ רב צו ווערן. ער האָט זיך געריסן און געשטופּט צו אַ תכלית, נאָר אַלע טירן זיינען פאַר אים פאַרהאַקט געווען און ער האָט געמוזט אין די מיטעלע יאָרן זיינע ווערן אַ דרייער ביי אַ גרויסער דרוק־מאַשין אין דער ספרים־דרוקעריי פון דער אלמנה והאחים ראָם.

די דרוקעריי איז געווען אין ענגע, טונקעלע, נידעריקע, שמוציקע צי־מערן, שטענדיק אָנגעוואַלגערט מיט גרויסע קאַסטנס פּאַפּיר, געדרוקטע און ריינע ווייסע, וואָס פלעגן וואַרטן מ'זאָל זיי אַריינגעמען אין דער מאַשין און דרוקן אויף זיי ספרים מכל המינים . . . דאָרט פלעגט מען דרוקן סידורים, מחזורים, לוח'עס, הגדהס, גמראָס, תנך'ן און אַנדערע

הייליקע ספרים און ביכער. און ר' שלום, אַ ייד, אַ טאַטע פון זיבן קינ־דער, האָט געדרייט די גרויסע ראָד פון דער דרוק־מאַשין. יעדער דריי — אַ פּאַרטיק געדרוקטער בויגן, פּופצן אָדער צוואַנציק בויגן אַ מינוט. אַזוי גאַנצע צען שעה אַ טאָג, זעקס טעג אַ וואָך, יאָר־איין יאָר־אויס. אַזוי האָט שוין ר' שלום אויסגעדרייט גאַנצע פערצן יאָר פון זיין לעבן.

פלעגט טרעפן אַמאָל אַ גרייז, אַ דרוק־פעלער און אַ האַלב־צעטומל־טער, צעקאָכטער יונגערמאַן פלעגט אַריינשפרינגען ווי אַ ווילדער: „שטעלט אָפּ די מאַשין! מ'האָט געבאָפּט אַ טעות!" ערגעץ האָט גע־פעלט אַ פינטעלע, האָט מען אָפּגעשטעלט די מאַשין. דאַן האָט ר' שלום אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם. אָבער ווען אַלץ איז געווען אין אָרדענונג, פלעגט ר' שלום דרייען, דרייען, דרייען . . . און נאָך יעדן דריי פלעגט פאַלן אַ בויגן. און ווען די זון איז פאַרגאַנגען איז געלעגן אַ קופּע אויפן דיל, הויך איבער זיינע פּלייצעס, אַ קופּע מיט געדרוקטע הייליקע ספרים און ביכער.

בערלס לעבן איז געווען אַ מאָנאָטאָנער, אַ האַרטער, אַ שווערער, אַן אומעטיקער. ער געדענקט נישט קיין איין פרייליכן טאָג. ער געדענקט נישט קיין לאַסקעס פון טאַטע־מאַמע, פריינט, באַקאַנטע אָדער משפחה. בערל געדענקט נאָר אַ לעבן אַ שווערן, פול מיט זאָרג, ליידן און פּיין.

בערל געדענקט אָבער דריי פּעריאָדן, דריי פאַלן, וואָס האָבן זיך איינ־געקריצט אין זיין מוח און ער קאָן זיך דערפון נישט באַפרייען עד־היום. דאָס ערשטע האָט פּאַסירט ווען ער איז קוים נייַן יאָר אַלט געווען. די מאַמע, אַ שוואַכע, אַ קרענקלעכע, האָט מער פאַרבראַכט אין בעט ווי זי איז אַרומגעגאַנגען אין הויז. דער טאַטע זיינער איז ווי שטענדיק אויפ־געשטאַנען ווען ס'איז נאָך געווען גאַנץ טונקל, זיך אויף שנעל אָנגע־טאָן און איז מיט גיכע טריט, שווער געאָטעמט, אונטערגעהוסט און געקרעכצט, אַוועק אין ראַמאַילעס קלויז, אָפּגעדאַוונט און קומענדיק צו־ריק, אויפגעקאָכט אַ טעפּעלע ציקאָריע, אָפּגעשניטן אַ שטיקל שוואַרץ ברויט, באַשמירט מיט עפּעס, אויף שנעל אָפּגעגעסן און איינגעוויקלט נאָך אַ שטיקל ברויט, אַ שטיק הערינג און אַן אוגערקע פאַרוויקלט אין אַ ווייסן פּאַפּיר און מיט גיכע טריט אַוועק צו דער אַרבעט, וואו ער איז תמיד געווען דער ערשטער צו קומען.

בערעלע האָט נאָך נעכטן אָפּגערעדט מיט זיין שוועסטערקינד יאָסע־לען, וועלכער איז געווען אין זעלבן עלטער ווי בערעלע, אַז זיי זאָלן אַוועק־

גיין אין קאַלעוואַריע .וואו קאַלעוואַריע איז האָבן זיי נישט געוואוסט,
נאָר געהערט האָבן זיי אַז ס'איז איבער דער אַנטאָקאָלער בריק, גלייך,
גלייך, ביז מ'קומט אַהין. וואו די אַנטאָקאָלער בריק געפינט זיך האָבן
זיי געוואוסט, ווייל זומער, ווען זיי פלעגן באַפרייט ווערן אויף אַ קור־
צער צייט פון חדר און קלאַס, פלעגן זיי אַהין אַוועק און זיך באָדן אין
דעם ברייטן שפּיגל־ליכטיקן, טיף־פּליסיקן טייך ווילִיע. דער געדאַנק צו
גיין אין קאַלעוואַריע איז צו זיי געקומען, ווען זיי האָבן געזען אַ סך
באָרוויסע, מיט שמאַטעס־באַקליידטע פּויערים, מיט זעק און צלמים פאַר־
וואָרפן איבער זייערע העלדזער און מיט לאַנגע גראָבע שטעקנס אין די
הענט, פּויזענען פּאַמעלעך אויף די קני דורך דער שטאָט, פאַרביי דעם
הויף וואו בערעלע האָט געוואוינט, און זיי האָבן גערעדט, אַז זיי גייען
קיין קאַלעוואַריע גאָט בעטן. בערעלע און יאָסעלע, די שוועסטערקינ־
דער און שטענדיקע געטרייע חברים, האָבן געוואָלט זען אָט דעם וואונ־
דער קאַלעוואַריע, וואו אַזוי פיל פּויערים קריכן ממש אויף אַלע פיר פון
צענדליקער וויאָרסטן ווייט פון פיל שטעט און דערפער. מסתמא איז
דאָס אַ וויכטיקער פּלאַץ, אַ געהיימנישפולער פּלאַץ, איז עס ווערט אָנ־
צוקוקן. אָפּגערעדט איז אָפּגערעדט, גלייך נאָכן קלאַס זיינען זיי אַנ־
שטאָט גיין אַהיים, געגאַנגען צום אַנטאָקאָלער בריק, איבער דער ווילִיע,
און פון דאָרט וועט מען זיך שוין דערפרעגן ווי עס איז צו דער קאַלעוואַ־
ריע. זיינען זיי געגאַנגען און געגאַנגען. די קליינע שוואַכע פיסלעך
האָבן אָנגעהויבן ווי טאָן, אָנרייבנדיק זיך די פיס אין די האַלב־צעריסע־
נע שיך, די קעפּלעך האָבן אָנגעהויבן שווינדלען פון הונגער און אין די
יונגע הערצלעך אַ קלעמעניש און מורא: וואָס וועלן טאַטע־מאַמע טאָן
ווען זיי וועלן נישט זיין אין דערהיים אין צייט? מ'איז געגאַנגען און גע־
גאַנגען... אויפן וועג האָבן זיי שוין מער קיינעם נישט באַדאַרפט פרעגן
וואו קאַלעוואַריע געפינט זיך, ווייל דער גאַנצער וועג איז געווען פול
מיט די קריכנדיקע, מיט שמאַטעס־באַפּעלצלטע, אָפּגעריסענע און מיט
צלמים אויף די העלדזער־פּויערים.

ווען זיי זיינען צוגעקומען צום קלויסטער זיינען זיי געווען הונגעריק
און דורשטיק. אַ יונגע פּויערטע מיט צוויי יינגלעך עטוואָס יינגער פון
זיי, האָט מסתמא דערקענט אַז זיי זיינען הונגעריק און האָט זיי גע־
פרעגט צי זיי ווילן אַ שטיקל ברויט, און קייענדיק מיט גרויס אַפּעטיט
דאָס ברויט, האָבן זיי איר דערציילט ווער זיי זיינען, פון וואַנען זיי קו־

מען און צוליב וואָס זיי זיינען געקומען. די יונגע פרוי האָט זיי מיט צערטלעכקייט פון אַ מוטער אַנגענומען פאַר די הענטלעך און זיי אריינ־געפירט אין קלויסטער.

אַ קליינע פעטלעכע, שוואַרץ־וואַגיקע נאָנע, אַנגעטאָן אין שוואַרץ פון קאָפּ ביז די פיס, מיט אַ גרויסן זילבערנעם צלם וואָס איז געהאַנגען אויף אַ שווערלעכער קייט איבער איר האַלדז, איז צוגעקומען צו זיי, געגלעט זיי ביידן איבער די קעפּלעך און איבער די בעקלעך, זיי געבראַכט ווייס ברויט מיט טיי און צוקער. זיי האָבן זיך צוגעכאַפּט צו דעם ווי הונגעריקע וועלף און ערשט נאָכדעם ווי זיי האָבן זיך גוט אָנגעגעסן און אָנגעטרונקען, האָבן זיי זיך געכאַפּט אַז זיי זיינען אין אַ קלויסטער. זיי האָבן דערזען די געטשקעס, די נאָנעס און אַלע אַנדערע מכשירים און זיי איז געוואָרן שרעקלעך שווער און אומעטיק און מוראַדיק, און בע־רעלע האָט מיט זודיקע טרערן אויסגעמורמלט: — „וואָס וועט די מאַ־מע מיר טאָן דערפאַר?” און יאָסעלע האָט נאָכגעהאַלטן בערעלען מיט אַ גרעסער געוויין, ביז וואַנען זיי זיינען ביידע, ווי אונטער אַ היפּנאָז, איינגעשלאָפן . . .

מיט זון־אויפגאַנג האָט זיך בערעלע דער ערשטער אויפגעכאַפּט, זיך געריבן די אויגן און זיך געהאַלטן פאַרן קאָפּ, נישט געקאָנט קוקן גלייך אַרום זיך פון די שטאַרקע זון־שטראַלן, וואָס האָבן אריינגעשטראָמט דורך די אייזערנע גראַטעס פון די הויכע שמאַלע פענצטער.

דער שווערער קלויסטער־געֿרוד האָט אים ווי דערשטיקט און פאַר עטלעכע מינוט איז ער געלעגן אויף זיין ריינער ווייס בעטל, לעבן וועל־כער ס'איז געשטאַנען אַ קליינער קאַמאָד, און איבער דעם איז געהאַנגען אַ קליין יעזוסל פון איין זייט און אַ גרויסער צלם פון דער אַנדערער זייט, מיט פרעמדע אויפשריפטן וואָס ער האָט נישט געקאָנט לייענען און פאַרשטיין. אין אַנדערן ווינקל איז געלעגן זיין שוועסטערקינד יאָסעלע, אויך מיט אָפענע אויגן און זיך אַרומגעקוקט פונקט ווי ער. פון אָנפאַנג האָט ער פאַרגעסן, אַז דאָס איז די ווירקלעכקייט, ס'איז זיכער אַ ביי־זער חלום, אַ בייזער חלום, אָבער ניין, ס'איז נישט קיין חלום, ס'איז די ביטערע ווירקלעכקייט פאַר אים און יאָסעלען.

# 22

## ניט געטראָפֿן

(אַ שטיפּערײַ)

— „אַ צייט צום וויינען, אַ צייט צום לאַכן. אַ צייט צום שלאָפן אַ צייט צום וואַכן. אַ צייט צו פאָרן מיט אַ קאַר און אַ צייט צו פאָרן מיט אַן אויטאָמאָביל", — אָמר קוהלת, אַזוי האָט געזאָגט קוהלת.

גיי איך מיר אַרויס, ווי געוויינטלעך, נעמען די קאַר, עס זאָל מיך אַוועקטראָגן צו דער אַרבעט און געפינען, אַז דער פּלאַץ וואו ס'פּלעגט שטיין די לאַנגע, רויטע שלאַנג — איז ליידיק. עטלעכע קופּקעס מענטשן שטייען אָפּגעזונדערט מיט אַ פּאָר טריט איינע פון די אַנדערע, מיט אויפגעפלאַמענדיקע פּנימער און באַוועגן אַזוי נערוועז מיט די הענט, אַזוי ווי מ'וואָלט זיי געקוילעט די קאַפּאַטע. נעבן אַ קופּקע סימפּאַטישע מיידלעך, מיט ווייסע, ווי אָפּגעמאָלטע פּנימער, ווי איצט פון מיל אַרויס, אָדער פון קבר אויפגעשטאַנען, בין איך שטיין געבליבן.

— „אַ העזה", — קאָכט זיך אַ ווייסע מיידל, — „נאָ סענס, דיהעטס אָל! נעמען אַ וואַקיישאַן אין רעכטן מיטן פּרייטיק, און אַלע מיט איין מאָל! וואו איז דער יושר און וואָס איז דאָס פאַר אַ חכמה? אַ שיינע זאַך וואָלט געווען, ווען מיר אַלע, מיט איין מאָל, וואָלטן אַ שטייגער גענומען אַ וואַקיישאַן אין דער דעפּאַרטמענט סטאָר וואו איך אַרבעט".

— „די איינציקע וואַקיישאַן וואָס איך האָב", — זאָגט אַן אַנדערע, — „איז ווען איך בין קראַנק און טאַקע גוט קראַנק. פאַראַיאָרן האָב איך געהאַט אַן אָפּעראַציע אויף אַפּענדיסייטיס, איז דאָס געווען מיין ערשטע וואַקיישאַן וואָס איך האָב געהאַט פאַר גאַנצע זעקס יאָר. און מיט זעקס מאָנאַטן צוריק האָב איך געהאַט אַן אַנדער צרה, האָב איך זיך ווידער אָפּגערוט"...

— „אין סטאָר וואו איך אַרבעט", — זאָגט אַ מיידל מיט אַ דין נעזל און קורצע האָר, — גיט מען אונדז אַ וואָך וואַקיישאַן יעדע איינע, אָבער יעדע וואָך אַז אַנדערע, ניט ווי די קאָנדוקטאָרס האָבן עס געטאָן.

’איט’ס עי שעים, אַי טעל יו!’” — האָט זי מיט כעס געוואָרפֿן אירע דאַרע הענטלעך און איז אַוועק.

נאָך אַלע רייד האָב איך מיך דערמאָנט, אַז איך דאַרף גיין צו דער אַרבעט. ס’איז שוין אַוועק אַ האַלבע שעה און קיין קאַר איז נאָך ניטאָ. האָב איך זיך אַ קראַץ געטאָן אין פּאָטילניצע: מילא, פֿאַרן באַלעבאָס בין איך אַ קליינער זאָרגער, אָבער ס’איז היינט פּעי־דעי! ס’איז מיר גאַנץ ביטערלעך געוואָרן אין נאָז. — „ס’העלפֿט ניט!” — זאָג איך צו זיך אַליין, — „שפּאָן, משה! ס’איז טאַקע זעכצן מייל, אָבער אַז דו וועסט אָפּגיין אַ בלאָק וועסטו זיין מיט אַ בלאָק נעענטער”, און איך דערמאָן זיך אָן לך לך מארצך, וכו’ ... און גיי. איך זע אַן אויטאָמאָביל שטייט נעבן אַ געז סטיישאָן און טאַקע ממש אַ ריכטיקער אויטאָמאָביל (ניט קיין פֿערד) און נעבן אים שטייט אַ מענטש און קרעכצט. — „קרענק”, — טראַכט איך מיר, און ווען ער ענדיקט קרענקען, גיי איך צו צו אים. טאָג און צוואַנציק פּראָצענט באָנוס און אויך ’פּראָטעקשאָן’”.

— „יאָ”, — זאָגט ער, — וואָס דאַרפֿסטו אין שטאָט?”

איך ווייס ניט וואַרום, איך האָב געטראַכט אַ האַלבע מינוט און זאָג:

— „איך פֿאָר זוכן אַרבעט”. — דענקענדיק, אַז זאָגנדיק דעם גרויסן ליגן, וועל איך אפֿשר ביי אים דערוועקן מער מיטלייד און ער וועט מיך אפֿשר מיטנעמען.

— „קאָם־אָן!” — זאָגט ער און עפֿנט ברייטלעך די טיר פֿאַר מיר.

אָפּפֿאָרנדיק עטלעכע מייל, האָב איך מיר דערמאָנט אָן דער ווילנער קאָנקע, מיט אירע צוויי אַלטע פֿגירהס (פֿערד), וואָס פֿלעגן איר שלעפּן און איך האָב זיך פֿאַרשעמט פֿאַר זיך אַליין.

ער האָט אַרויפֿגעלייגט זיין געזונטן עלנבויגן איבער מיינע אַקסלען, ווי עס טוען יונגע פֿאַרליבטע, דורך די טונקעלע בולוואַרן. עס איז מיר גאַנץ שווער געוואָרן פֿון דער ליבע זיינער, נאָר אַ ברירה האָב איך געהאַט? מ’מוז שווייגן.

— „וואָס זאָגסטו אויף זיי, ס’איז אַ שאַנדע ווי מען באַצאָלט זיי!”

— „יאָ”, — זאָג איך, — ס’איז געפֿערלעך!” — מיינענדיק אַז ער מיינט די קאָנדוקטאָרן, — „זיי באַהאַנדלען זיי ווי די שקלאַפֿן”.

— „אַי בעט יו, זיי וועלן ניט געווינען”, — זאָגט ער מיט פֿריינט־לעכקייט, דענקענדיק, אַז איך מיין ווי שרעקלעך די קאָנדוקטאָרן צאָלן אָפּ דער קאָמפּאַניע.

— „זיי זיינען דאך דזשענטלייט, זיי האבן שוין לאנג געוואלט זיי געבן א רעיז, נאר זיי קענען נעבעך ניט".

דא האב איך פארשטאנען וואס פאר א פויגל מיין פארטנער איז, און איך זאג צו זיך: — „משה, נעם אן א מויל פול מיט וואסער און האלט ס'מויל, א ניט שליידערט ער דיך ארונטער אין רעכטן מיטן וועג. איך שווייג א ווײַלע און זאג צו אים:

— „די ארבעטער באגייען זיך זייער שלעכט מיט דער קאמפאניע, דערמיט וואס זיי סטרייקן גאר פלוצלינג".

— „וואס איז אייער ארבעט?" — פרעגט ער מיר.

— „מיט אלעם".

— „דאן קומט ארויף צו מיר". — ער נעמט ארויס א וויזיט-קארטל און דערלאנגט עס מיר און זאגט: — „פארשטייסטו, פינף דאלער א טאג און צוואנציק פראצענט באנוס און אויך 'פראטעקשאן'".

דעם אמת זאגנדיק, דערהעטער די פינף דאלער און דעם באנוס, בין איך א ביסעלע אויפגעפלאמט געווארן, אבער פאר די „פראטעקשאן" האבן מיר אלע ציינער אנגעהויבן קלאפן, ווי אין א קדחת האט מיר געווארפן. איך האב גלייך דערזען די ציגל און פלעשער וואס פליען אין פענצטער אריין, די פארבלוטיקטע קעפ און נעזער . . . — „ניין", — טראכט איך, — „די פינף דאלער און באנוס איז גארניט אזוי שלעכט, אבער פאר דער 'פראטעקשאן' בין איך ניט אנטציק געווארן, אנברעכן א סקעב די ביינער, איז די איינציקע מצוה וואס מען קען מקיים זיין און האבן חלק לעולם הזה. און דאס איז דאס איינציקע וואס מיר האבן אפגעשפארט אין צוואנציקסטן יארהונדערט, אין יאר פון דע־מאקראסי". — איך בין אנטשוויגן געווארן און ער קוקט אויף מיר אוןווארט אויף אן ענטפער.

מיר זיינען שוין דערוויייל נאענט צו דער שטאט און א געדאנק פאלט מיר אריין אין קאפ: ווי אזוי וועל איך צוריקפארן אהיים. גיב איך אים א פרעג:

— „וואוינט איר אין? — — — — "

— „יא," — זאגט ער. — „און דו?" — פרעגט ער.

— „אויף די אבצנדיקע", — זאג איך דעם ליגן שנעל, ניט טראכטנ־דיק אפילו אן אויגנבליק.

— אלזא, וועט איר ארויפקומען?" — פרעגט ער מיר.

איך גיב אַ קוק אויף דעם אַדרעס אויף זיין קאַרטל און זאָג:

— „יאָ, איך וועל ווערן אַ מאַטאָרמאַן, אָבער איך מוז פריער פרעגן מיין פרוי. מיין פרוי, פאַרשטייט איר מיר, איז אַ מבין אין יוניאָניזם, סאָציאַליזם, ראָמאַנטיזם, סקעביזם און קען מיך נאָך אָנברעכן די ביי־נער און זאָגן, אַז דאָס האָט זי אָנגעלערנט אַ סקעב, ניט איר מאַן, און איכ׳ל זיך גאָרניט קענען העלפן".

איר פאַרשטייט דאָך שוין אַליין מסתמא, אַז איך האָב אָפּגעאַרבעט דעם טאָג ביי מיין אַרבעט און צו אים ניט געקומען און אין דער באַ־שטימטער צייט האָב איך דעם סקעב־פאַנגער געטראָפן אין פולמאַן־קאַר, — געפאָרן צו זיך אַהיים.

ווען איך בין געקומען אויף דער אַכצנטער סטריט, בין איך אַרונטער און עטוואָס אָפּטרעטנדיק געזאָגט:

— „גוד־באַי, סער! טהענק יו, האָסט ניט געטראָפן".

— „יעס סער, יעס סער", — האָט ער נאָכגעשריגן, — "איל סי יו טומאָראָ"...

# 23

# אַלץ צוליב איר „וויסטל"

(הומאָרעסקע)

די יונגע בלאָנדע בלאַסע פעניטשקע איז די עטלעכע יאָר פון איר פאַרהייראַטן לעבן געווען אַן ערלעכע, באַשיידענע און שטילינקע, שע־מעוודיקע יונגע, כמעט־קינדישע, ערלעך־שטילינקע, כמעט־שעמעוודי־קע ווייבעלע, פון אַן ערלעך־שטילינקן, כמעט־שעמעוודיקן הויזן־אָפּע־רייטאָר. ס׳איז קיין פראַגע ניט געווען פון אַריינקריכן איר מאַן אין דער נשמה, אָדער אָפּילו אין זיינע קעשענעס, ווען ער איז, מיד פון אַ טאָג שווערער אַרבעט, געשלאָפן. אַז ער פאַרדינט ווייניק — ניט גע־נוג צו מאַכן אַ לעבן, אָפּילו אַן וועלכע עס איז לוקסוס, פון דעם האָט זי ניט געוואוסט, ווייל זי איז אַזוי פאַרליבט געווען אין אים, און פון אַזעלכע זאַכן ניט געחלומט אָפּילו...

זי איז געווען צופרידן און גליקלעך מיט איר באַשערטן און צופרידן מיט איר מערכה.

איינמאָל האָט די שײנינקע פּעניטשקע דערזען אַ פּיר־דאָלערדיקע „ווייסטל", וואָס איז געווען רעדוצירט אויף צוויי דאָלער (אַזוי האָט זיך בפירוש געשריבן אין פענצטער מיט בלישטשענדיקע בוכשטאַבן), צוגע־צויגן איר אויפמערקזאַמקייט. דעם אמת געזאָגט האָט פּעניטשקע גענוג ווייסטלעך אויף פינף אָדער מער יאָרן, אָבער װעלכער וואונדער און קראַפט קאָן צוריקהאַלטן אַ פאַרליבטע פרויען האַרץ, ווען עס ווערט צוגעצויגן צו אַ פּיר דאָלערדיקע ווייסטל, וואָס איז רעדוצירט געוואָרן אויף צוויי דאָלער? קאָנט איר מיר אָנווייזן אויף אַ פרוי, וועלכע זאָל ניט ווערן באַצויבערט פון אַזאַ גליק? — איז זי אַריין אין קראָם און איז אַהיימגעגאַנגען מיט דער מציאהדיקער ווייסטל . . .

ווען פּעניטשקע האָט אָנגעטאָן דאָס ווייסטל און זיך געשטעלט קעגן שפּיגל איז זי געווען ממש אַנטציקט. זי האָט דאָך שוין איבערגעטראָגן אַ סך ווייסטלעך אין אירע אַלט־מוידישע יאָרן (זי איז געווען אַן על־טערע מויד), נאָר אַזאַ ווייסטל וואָס ס'זאָל איר צוגעבן אַזוי פיל רייץ און חן, האָט נאָך קיינמאָל ניט באַצירט איר איינגעדאַרטן קערפּער און האַרץ, און פּעניטשקע וואָלט זיכער גליקלעך געווען מיט איר נייעם ווייסטל, האָט זי זיך אָבער געכאַפּט, אַז ניט די קלייד וואָס זי טראָגט און ניט די אַנדערע וואָס זי האָט, וועט זיך בשום אופן ניט צופּאַסן צו דער נייער ווייסט, וואָס זי האָט בדעה צו קויפן.

פּעניטשקע, וועלכע האָט פאַר לאַנגע יאָרן געהאַט אַ שווערן שלאָף, האָט זיך יענע נאַכט ניט געקאָנט צוזירן צום שלאָף, האָט זיך גע־וואָרפן פון איין זייט אויף דער אַנדערער, און אַזוי שנעל ווי זי האָט פאַרמאַכט אירע פאַרמאַטערטע אויגן, זיינען איר נאָר קליידלעך און נאָר קליידלעך געקומען איר אין חלום. און ווען זי איז ווידער אַנט־שלאָפן געוואָרן האָט ווידער דערזעלבער חלום זיך געשפּילט אין פאַר־זעצונגען, אַזוי אַ גאַנצע נאַכט, ביז גאַנץ פריע שעהן נאָך זון־אויפ־גאַנג . . .

ווייסטלעך, קליידלעך, קליידלעך, ווייסטלעך . . .

אויף מאָרגן, אַזוי שנעל ווי איר שווערער אַרבעטער, דער מאַן אירער, איז אַוועק צו דער אַרבעט, ווי אַ געניטער פערד טרעפט אַלעמאָל זיין פּלאַץ פון גערשטן און האָבער, האָט זי מיט דער שנעלקייט פון פייל

און בויגן, געכאַפּט דאָס געלט וואָס זי האָט באַדאַרפט באַצאָלן פאַרן פלייש, פון וואָס זי האָט באַדאַרפט אַריינמאַסטערן אַ מיטיק פאַר איר מאַן און זיך איינגעהאַנדלט אַ נייע קלייד, וואָס האָט געזאָלט זיין ווי געבוירן פאַרן ווייסטל.

איצט שטייט פעניטשקע ווידער לעבן שפּיגל און באַוואונדערט ווי שיין, ווי גראַציעז דאָס קלייד פּאַסט זיך צו דער ווייסט און די ווייסט צו דער קלייד. איז אָבער איצט אַ נייע צרה פון וואָס זי האָט קיינמאָל ניט געטראַכט! די שיך! שיך! אַ שרעק האָט איר אַרומגעכאַפּט! — זי וועט אויסקוקן ווי אַן אַלטע באָביצע, ווי אַן אַלטע יידענע וועט זי אויסקוקן!

צו אַזאַ ווייסטל און צו אַזאַ קלייד וואָלט ניט אַנדערש ווי געפּאַסט די טונקעלע ברוינע שיך, וואָס זי האָט געזען אויף יענער גאַס ניט ווייט פון דאַנען אין פענצטער.

אמת, זי איז איצט ניט אַזוי פריי מיטן געלט, אָבער ווי קאָן זי זיך באַווייזן אויפן גאַס מיט די אַלטע שיך? . . . נאָך אַ לאַנגן נאָכטראַכטן און נאָכדענקען האָט זי זיך באַרעכנט, אַז אַזוי ווי אירע אויערינגלעך טראָגט זי זייער זעלטן און אַ פּאָר שיך דאַרף זי האָבן, ניט נאָר דאַרף זי, נאָר זי מוז דאָס האָבן צו איר נייער קלייד און איבערהויפּט צו דער ווייסט, וועט קיין אומגליק ניט געשען ווען זי וועט „פאַרפּיינען" די אויערינגלעך . . . נישקשה, נישקשה, זי וועט זען איינצושפּאָרן אַמאָל פון איין זאַך און אַמאָל פון אַ צווייטער זאַך און וועט די אויערינגלעך מיט זיכערקייט אַרויסנעמען. און ווען זי האָט אַ טראַכט געטאָן וועגן ווייסטל, האָט דאָס ווייסטל איר צוגעגעבן גרויס מוט, און פעניטשקע האָט שוין אַ פּאָר נייע שיך אויך וואָס פּאַסט זיך צום באַצויבערנדיקן ווייסטל ווי צוויי טראָפּן וואַסער.

ווען פעניטשקע האָט איצט אַ קוק געטאָן אין גרויסן שפּיגל, האָט זי זיך בשום אופן ניט געקאָנט דערקאָנען — טאַקע גאָר ווי אַ מאַניקען, ווי אַ געטאַקטע קוקלע האָט זי איצט אויסגעזען. זי האָט זיך אַליין ניט געקאָנט דערקאָנען און איז געווען זייער גליקלעך, איבערגליקלעך. אָבער אַז דאָס ווייסטל האָט אַ פּאָדער געטאָן אַ פּאָר נייע הענטשקעס, איז איר פרידלעכע רו פאַרשוואונדן און זי האָט אָפּגעוויינט אַ גאַנצן לאַנגן אָוונט.

אויף מאָרגן האָט שוין פעניטשקע געהאַט אַ פּאָר נייע פיין־גע־

מאַכטע פון פּיינעם לעדער — העגטשקעס, וואָס האָבן זיך זייער פיין געפּאַסט צום וועסטל און איר קליינעם גאָלדענעם זייגערל, וואָס איז שוין אויסגעשעלט געוואָרן אויף דער באַוערי אינעם „פּאָון־שאָפּ" פּענצ־טער.

איצט איז שוין צו פּעניו קיין גלייכן ניט געווען אויף דער גאַנצער גרויסער וועלט. זי וואָלט שוין מער קיין זאַך ניט פאַרלאַנגט, נאָר דאָ האָט דאָס וועסטל איר פּלוצים אַרויסגעשטעלט אַ ריי פאַרשיידענע אומדערוואַרטעטע פאָדערונגען אַלע מיט איין מאָל.

אַ נייע הוט, אַ נייעם קאָרסעט, נייע זאָקן, אַ נייע שיינע קיטעלע פאַר איר קליין גאָלדן זייגערל, אַ נייעם האַנט־טאַש, נייע מעבל, נייע גאָפּל־מעסער, נייע טעלער און נאָך פאַרשיידענע נייטיקע און ניט־נייטיקע זאַכן, וואָס זאָלן זיך פּאַסן צו איר נייער וועסטל . . .

מער וואָס צו פאַרזעצן איז שוין ניט געווען, האָט איר דאָס וועסטל געטריבן, אַז זי זאָל אָנפאַנגען זוכן גמילות חסדים ביי פריינט, ביי באַקאַנטע, און זי האָט געהאַלטן אין איין איינקויפן זאַכן, וואָס זאָלן זיך אַבסאָלוט צופּאַסן צו איר נייע וועסטל . . .

אַ מאָדנעם לעבן האָט פּעניטשקע געגומען פירן, ווי קיינמאָל פריער, ניט איר אייגענעם לעבן, נאָר דאָס לעבן פון דער ניי־צוגעקומענער וועסטל.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט זיך דאָס וועסטל איינגעשפּאַרט און זיך פאַרעקשנט, אַז זי מוז אומבאַדינגט אָפּפאַרבן אירע שיינע בלאָנדע האָר און אָנהויבן רויכערן סיגאַרעטן און האַלטן אַ גרויסן סיגאַר אין מויל, כאָטש זי האָט קיינמאָל אין איר לעבן ניט גערייכערט! . . .

פּעני האָט געפילט, ערגעץ טיף ביי זיך אין האַרצן, אַז עפּעס אַ סודות־לעכע שטים פּראָטעסטירט און שרייט: — „וואָס טוסטו, פּעני? גע־וואַלד, פּעני, וואָס טוסטו?!" — אָבער דאָס שטומע וועסטל האָט גע־שריען שטאַרקער, העכער, און פּעניטשקע האָט געפאָלגט. ווער איר דאָך פרעגן, פאַרוואָס איז זי ניט געפאַלן אויף אַ שכל און דאָס וועסטל ניט אַרויסגעוואָרפן אויפן מיסט? איז דאָס קיין פראַגע ניט! אַ פיר דאָלערדיקע וועסטל, פאַר וועלכער אַ פרוי באַצאָלט צוויי דאָלער, ווערט דאָס קיינמאָל ניט טאָן, ווען איר גיט איר אפילו פאַרן וועסטל זעקס דאָלער . . .

אַזוי זיינען אוועק עטלעכע וואָכן, חדשים און נאָך וואָכן און חדשים

און ווער ווייסט, אפשר א גאַנץ יאָר! יאָ, אַ גאַנץ יאָר . . .

איינמאָל איז די ליבע, חנעוודיקע פּעניטשקע אַוועק צו אַ באַל צו טאַנצן און פאַרברענגען. איר'ט אוודאי פרעגן: מיט וועמען? וואָס הייסט מיט וועמען? — מיט׳ן ווייסטל!

אַ! דאָס ווייסטל . . . זי האָט מער שכל און פאַרשטאַנד ווי עט־לעכע ווייסטלער צוזאַמענגענומען! . . .

דאָרטן האָט די געשעצטע, קלוגע ווייסטל איר צוזאַמענגעפירט אַט טאַקע מיט דעם רייכן יונגנמאַן פון אויבן, וועלכער האָט אַן פיל צער־רעמאָניעס איר אַריינגעזעצט אין אַ שפּרודלדיקן רייד־קאַלירטן, מיט לעדער־געבעטן אויטאָמאָביל און אַוועקגעפירט אין אַ רייכן ערשט־קלאַסישן רעסטאָראַן. נאָכן גוט אָנעסן זיך, און נאַטירלעך, אַביסעלע אָנטרינקען זיך, האָט זיך דער יונגערמאַן איר דערקלערט אין ליבע, האָט איר געקושט און געהאַלדזט און געצערטלט און דאָס ווידערהאָלט עט־לעכע מאָל, און געשוואוירן ביי וואָס ס'איז אים טייער און הייליק, אַפילו אין נאָמען פון זיין ליבער פרוי און קינדער, אַז ער איז פאַרליבט אין איר, נאָך איידער ער איז אַריין אין דעם שיינעם אויטאָמאָביל. פּעניטשקע איז אויף אַ מאָמענט פאַרדרייטלט און פאַרשעמט געוואָרן, אויך דאָס ווייסטל איז פאַרשעמט געוואָרן.

יאָ, דאָס ווייסטל איז פאַרשעמט געוואָרן, און געהוליעט ביז שפּעט פאַרטאָג, אויב איר ווילט — אַ גאַנצע נאַכט! . . .

ווען פּעניטשקע איז געקומען אַהיים און דער מאַן אירער האָט איר געעפנט די טיר, איז ער שיעור ניט געפאַלן אין חלשות.

— וואו ביזטו געוועזן, מיין לעבן, מיין טייערע, מיין ליבסטע, מיין האַרץ, מיין נשמה? — האָט ער האַלב־וואַנזיניק געפרעגט.

— געלעבט אַ גוטן טאָג מיט אַ שיינעם, רייכן יונגנמאַן, — האָט דאָס שטומע ווייסטל געענטפערט.

ווערט איר דאָך פרעגן וואָס ס'איז געוואָרן מיט׳ן ווייסטל?

עס ליגט איצט ביי אַ טשיינעמאַן אין דער לאָונדרי! . . .

# 24

## אויף קבר־אָבות

(מאַנאַלאָג)

אַז אַלולדיקער פֿרימאָרגן. אַ קיל ווינטל בלאָזט און דער גאַנצער בית־עלמין איז איינגעהילט אין אַ טיפֿער מרה־שחורה. אויבן אַ פֿאַר־וואָלקנטער הימל און אונטן קליינע, גרינע בערגלעך און ווייסע שטומע שטיינער. ביימער, יונגע און אַלטע, שאָקלען זיך מעלאַנכאָליש און פֿון באָדן שפּירט זיך דער ריח פֿון קברות־בלעטלעך און בית־עולם בלו־מען. דאָ איז דאָס אָרט פֿון אייביקער רו. דאָ איז דאָס וואוין־אָרט פֿון טויט.

אַ קליין נידעריק, מיט גראָז באַוואַקסן בערגל ערד, אַז אַלטער איינ־געבויגענער שטיין, ווינקען און רופֿן צו זיך ווי אַ מאַגנעטישע קראַפֿט און די ברוסט הייבט אָן צו קלאַפּן העפֿטיק שטאַרק, אין מוח שטייגן אויף אַלע פֿאַרגעסענע זכרונות, בילדער פֿון לאַנג־אָפּגעשטאָרבענע צייטן שוועבן אַרום אָן אָרדענונג און פֿונעם אויג קאַפּעט אַ טרער.

אין אַזאַ טאָג האָט די פֿאַרעלטערטע אַרבעטער־מיידל קלאַראַ דערפֿילט דעם רוף און אָנשטאָט צו גיין אין שאַפּ, האָט זי גאַנץ פֿרי באַשלאָסן אַרויסצופֿאָרן צום קבר פֿון איר מוטער אין לאָנג איילאַנד און אויסצו־וויינען זיך אויף איר שווערן מזל. זי איז ניט רעליגיעז, ניט דער אַל־טער יידישער מנהג טרייבט זי אויפֿן „הייליקן אָרט", נאָר דער אומע־טיקער, לאַנגווייליקער, עלנטער לעבן אַלס איינזאַמע אַרבעטער־מיידל צווינגט זי צו גיין זוכן טרייסט ביים קאַלטן שטיין אויפֿן קבר פֿון איר פֿאַרשטאָרבענער מוטער.

אָט שטייט זי ביי אַ גראָז־פֿאַרוואַקסענעם קבר, מיט טרערן־פֿאַר־וואָלקנטע אויגן און טראַכט: — „דאָ, אונטערן קליינעם באַוואַקסענעם בערגעלע, אין קאַלטן פֿינצטערן קבר, ליגט מיין מאַמע! אַלע אירע האָפֿענונגען, אַלע אירע שטרעבונגען, זיינען דאָך געווען נאָר פֿאַר מיר אַליין! איז זי געווען גרייט צו מקריב זיין איר לעבן פֿאַר מיר. אַ, די

מאמע מיינע ליגט דאָ! אונטער דעם בערגעלע ערד! איז דאָס מעג־לעך? איז דאָס אמת?"

— "יאָ, ס'איז אמת, שפּינט זיך ווייטער איר געדאַנקען־פאָדים. פון איר ברוסט רייסט זיך אַרויס אַ זיפץ, — "דאָ ליגט זי און טויט איז זי. זי זעט ניט איר איינציקע טאָכטער, וועלכע שטייט דאָ איצטער, גע־בויגן און נידערשלאָגן איבער איר קבר. זי זעט ניט די הייסע טרערן וואָס שטראָמען פון די טיפענישן פון איר נשמה; זי הערט ניט איר שטים, וואָס ציטערט פון אומהיילבאַרער בענקשאַפט. — "איך הער שוין מער ניט דיין רחמנותדיקן קול, איך פיל ניט מער דיין גרענעצלאָזע ליבשאַפט, מאַמע! און דיין איידל, צאַרט געזיכט זע איך שוין ווי דורך אַ נעפּל . . . ווי גרויס, ווי אומגעהייער גרויס איז געווען דיין ליבשאַפט צו מיר", — שעפּטשעט זי ווי זי וואָלט וועלן פאַרטרויען דער מצבה אַ סוד, — "ווי שטאַרק זיינען דיינע ריינע געטרייע געפילן געווען! וויפל טעג איז אין דיין מויל קיין עסן געקומען, וויפל נעכט אין דיינע אויגן קיין שלאָף און צוליב וואָס? אַלץ צוליב מיר, צוליב דיין טאָכטער קלאַראַ, וואָס דו האָסט אַזוי הייס געליבט. פאַר מיין רו ביזטו שטענדיק געווען גרייט אָוועקצוגעבן אַלץ וואָס דו האָסט פאַר־מאָגט; פאַר מיין גליק וואָלסטו מיטן בעסטן ווילן דיין לעבן מקרב גע־ווען, דען וואָס האָסטו אין דיין לעבן מער געהאַט, אויסער די גרויסע ליבע? און האָסטו דען פאַרלאַנגט פונעם לעבן מער ווי צו זען דיין קינד גליקלעך און צופרידן? ווען דו פלעגסט תפילה טאָן צו גאָט, האָסטו פון אים געבעטן בלויז דאָס, אַז ער זאָל דערלייינגערן די טעג פון דיין קינד, איר היטן און פירן אין גוטן וועג; אין איר האָסטו געזען דיין גאַנצע וועלט, אויף איר זיינען געווען אַלע דיינע האָפענונגען. פאַר איר האָסטו געלעבט, פאַר איר דיינע טרערן פאַרגאָסן . . . און ניט דאָס מינדעסטע האָסטו פון מיר פאַרלאַנגט פאַר דער ליבשאַפט. דו ביסט אינגאַנצן געווען געהייליקט פאַר דיין טאָכטער, דיין גאַנץ וועזן, דיינע אַלע געפילן, דיין האַרץ און נשמה האָבן עקזיסטירט נאָר פאַר דיין טאָכטער קלאַראַ. דו ביסט ניט געווען קיין מלאך, — דו ביסט געווען אַ מאַמע!"

— "ביז דיין לעצטן אויגנבליק האָסטו ניט אויפגעהערט צו פאַנטאַ־זירן וועגן מיר. אויף דיין קראַנקן־בעט, ווען דו ביסט געלעגן מיט דיינע אויגן צום הימל געווענדט, און געהאַלטן ביי צוריקגעבן דיין ריינע

נשמה צו דעם וואָס האָט זי דיר געגעבן, האָסטו ניט געריפן מיך איך זאָל דיינע אויגן שליסן און קושן דיין מאָגערע האַנט צום לעצטן מאָל. דו האָסט ניט געוואָלט איבערשרעקן מיך. דיין ריין מוטערלעכע האַרץ האָט זיך ניט געקאָנט דערלויבן אָנזאָגן מיר די פּירכטלעכע בשורה, אַז דו צעשיידסט זיך מיט מיר, אַז דיין זון גייט אונטער אויף אייביק פאַר מיר . . . און וויפל האָסטו געמוזט דעמאָלט ביי דיין לעצטן אָטעם־צוג קעמפן מיט זיך זעלבסט, אונטערדריקן דיינע געפילן, אַוועקגייענדיק אין אַ וועג פונוואַנען מ׳קומט מער ניט צוריק, און ניט צו נעמען אָפּ־שייד פון דיין אַזוי־געליבטער טאָכטער קלאַראַ! אוי, מאַמע! ווי וואונדערבאַר און ווי גרויזאַם דו ביסט געווען״.

— ״איך געדענק איצט וואָס דו פלעגסט מיר זאָגן ווען איך בין נאָך אַ קינד געווען: ׳מיין קינד, אַז דו וועסט עלטער ווערן, וועסטו ערשט פאַרשטיין ווי עס ליבט דיך דיין מוטער׳. מאַמע טייערע, איך האָב שוין דעמאָלט דאָס פאַרשטאַנען, נאָר איצט פאַרשטיי איך דאָס בע־סער. איצט, נאָכדעם ווי איך האָב שוין פאַרזוכט דאָס לעבן און קאָן שוין דאָס לעבן מיט אַלע שרעקן, מיט אַלע דאגות און מיט אַלע ביי־טערנישן; אַלץ וואָס רירט מיך פערזענלעך אָן, וואָס איך האָב ניט גע־וואוסט און ניט פאַרשטאַנען ווען איך בין נאָך יונג און קליין געווען, ניט געקאָנט פאַרשטיין . . . נאָכדעם ווי די פיל דערפאַרונגען האָבן מיר שוין אויסגעלערנט צו דערקאָנען מענטשן מיט זייער גאַנצן עגאָ־איזם און אייגנליבע, מיט זייער שטענדיקן טראַכטן וועגן זייער איי־גענעם איך; איך און איך און נאָכאַמאָל איך!״

— ״ווען איך האָב שוין אויפגעהערט צו גלויבן אין דער ריינער ליבע פון דיינע גוטע פריינט; איצט, ווען מיין אויג איז שוין צוגעוואוינט געוואָרן צו זען אַרום זיך האַס און שנאה און קנאה, פאַלשקייט און חניפה, ליגן און באַטרוג, רויב און שווינדל, ווען דער קאַמף־פלאַץ פונעם לעבן ליגט שוין פאַר מיר מיט אַלע שרעקן און מיט זיין אומענדלעך האַרטער גרויזאַמקייט און אומדערבאַרעמדיקייט, — איצט, מאַמע, פיל איך מער ווי גרוים דיין ליבע איז געווען, דיין הייליקע ליבשאַפט! די ליבע וואָלט מיר איצט די פינצטערניש פון מיין לעבן דערלייכטערט און וואָלט פאַרזיסט די ביטערע טראָפּנס פון מיין שיקזאַל. עס איז פאַראַן אויף דער וועלט נאָר איין נשמה פאַר וועלכער איך וואָלט גע־קאָנט מיין האַרץ אויסגיסן און עס זאָל איר צו לאַסט ניט פאַלן, און

איצט איז די נשמה ניטאָ מער, ניטאָ שוין ווי דעם קאָפּ אָנצושפּאַרן! און אָט דאָ, אונטער דעם קליינעם בערגעלע ערד, אונטן אין פינצטערן קבר, ליגט מיין מאַמע! . . . ״

— ״מאַמע, אויב דו קאָנסט דאָרט אין הימל געפינען גאָט, דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז איך האָב שוין לאַנג פאַרלאָרן דעם גלויבן אין גאָט, וועמען קיינער זעט ניט און הערט ניט! מאַמע, אויב דו קאָנסט דאָרט אין הימל געפינען גאָט, בעט אים פאַר דיין אומגליקלעך קינד. ביי דיין לעבן האָבן אים דיינע ריינע תפילות ניט געקאָנט דערגרייכן, אפשר וועלן פאַר אים דיינע איצטיקע תפילות צו אים אָנקומען. בעט, אַז ער זאָל מיר געבן פאַרשטאַנד צו קאָנען פאַרשטיין וואָס עס איז אַזוינס לעבן און טויט, און וואָס פאַר אַ גענוס האָט דער מענטש פאַר זיין גאַנצער רו אויף דער וועלט. זאָל ער מיר שענקען שכל, אַז איך זאָל קאָנען זיך דערקלערן צו וואָס דו האָסט געלעבט און פאַרוואָס דו ביסט געשטאָרבן, און וואָס איז דער גרויסער און טיפער סוד וואָס איז באַהאַלטן אין לעבן און טויט? פאַרוואָס פאַרגייען דורות און מען געדענקט גאָרניט אויב זיי האָבן אַמאָל עקזיסטירט, געלעבט, און איצט אַוועק ווי גאָרניט געוועזן . . . פאַרוואָס? . . . ״

— ״אָבער נייז, מאַמע, איך ווייס, אַז איך פאַרלאַנג פון דיר אוממעגלעכעס. בעט בלויז ביי גאָט ער זאָל אין מיין האַרץ אַריינגעבן אַזאַ אמונה, אַז איך זאָל גלויבן אין דער אומשטערבלעכקייט פון דער נשמה. אַן אמונה, אַז אויך אונדזער ערדיש לעבן איז ניט בלויז אַ שפּאַס פון שיקזאַל, אַז עס איז אַזוי קליין, ווייל עס איז ניט אַנדערש. פאַרוואָס האָב איך ניט דעם כוח צו קאָנען גלויבן אין לעבן און אַלעמאָל נאָר טראַכטן וועגן טויט? ! . . . ״

— ״טייערע מאַמע, איך בין געקומען צו דיין קבר, דעם פּלאַץ פון דיין אייביקער רו, דעם פּלאַץ פאַר יעדנס מענטשנס רו, פריער אָדער שפּעטער. איין איינציקע האָפענונג איז פאַר מיר פאַרבליבן, אַז אויך איך וועל קומען אַהער, צי איך וויל צי ניט. איך וועל צו דיר קומען, מאַמע!״

— ״קיין בלומען האָב איך דיר ניט געבראַכט צו לייגן אויף דיין קבר. איך האָב אָבער געבראַכט אַ קראַנץ פון צרות, ליידן און פּיין, פון אומגליקן און פאַרפאַלגונגען, וואָס האָבן מיר באַגעגנט אין דעם סודותדיקן לעבן. דיין טאַכטער, וועמען דו האָסט דערצויגן מיט בלוט, מיט ווייען

און טרערן. נעם דעם בלומען־קראַנץ, מע׳ קאָן דיר דיין טאָכטער ניט געבן!״

— ״מיר דאַכט זיך, אַז עס איז מיר איצט פיל לייכטער, און מיין נשמה איז פיל רואיקער. פאַר דיר, מאַמע, האָב איך מיין פאַרבלוטיקט האַרץ אויסגעגאָסן. דו פלעגסט דאָך מיר שטענדיק אויסהערן מיט רחמנות, וועסטו מיך איצט אויך אויסהערן? ווער ווייסט? . . .״

פון אויבן איז אַ פאַרוואָלקנטער הימל און איבער קברים און מצבות רינגען אַרומטער קליינע טראָפנס פון דער הויך, ווי זיי וואָלטן באַוויינען דעם גורל און דער עלנטער מיידל. די ביימער שאָקלען זיך פאַמעלעך און שטיל, ווי זיי וואָלטן שטיין שמונה עשרה. דער ווינט קרעכצט ביטער, ווי ער וואָלט זאָגן נאָך עמעצן קדיש. וויסט און פוסט איז וואו מען וואַרפט מיט אַן אויג . . . הייליקער פרידן און אייביקע רו הערשט דאָ אין דער סודותדיקער רעזידענץ פון דעם אומדערבאַרעמדיקן טויט!

# 25

## באַבאַכטונג

ווילט איר זיין איינגעשפּאַרט און נישט אַנדערש ווי וויסן, ווי עס האַלט מיט געשעפט אויף דער וועלט, איז כאַפּט זיך אַריבער אין דער שטאָט פון מלאכים, לאָס־אַנדזשעלעס, וואָס פאַרנעמט אין שטח, די צווייטע פון ניו־יאָרק, און כאַפּט זיך אַראָפּ אין דער יידישער געטאָ; דאָס איז אַ געטאָ פון געטאָ־לאַנד! יידן, יידן און ווידער יידן. נישט ווייכטיק וואו איר זאָלט מיט אייער אויג נישט וואַרפן, זעט איר נאָר יידן און ווידער יידן.

איז טאָמער געדענקט איר, ווי די אַנטיסעמיטן פון דער גאַנצער וועלט, וועלכע האָבן זיך געוואָלט פאַרענטפערן פאַרוואָס זיי זיינען נעבעך אַנ־טיסעמיטן, האָבן זיך רעכטפאַרטיקט מיט דעם, אַז יידן האָבן ליב געלט און קאָנען אַנדערש נישט לעבן ווי זיין געשעפטסמענטשן און זיי זיינען דאָס טאַקע, און פאַרכאַפּן אַלץ וואָס זיי קומט צום האַנט, פון אַ שטאָ־לענער שפּילקע ביז אַ געפּאַנצערטע שיף; פון הייסע בולבעס ביז אַ הימלקראַצער; פון הירזשענע קאַשע ביז אַ באַנק; פון ראָזשינקע־ברויט ביז די גרעסטע טעאַטערס; פון ראָסל־פלייש ביז ביאַליסטאָקער קוכנס; פון ראָזשינקעס און מאַנדלען ביז גרויסע און קליינע שולן צום דאַווענען און צו זינגען און זאָגן. מ׳קאָן אַזוי אָנגיין ביז משיח וועט קו־מען און זיך נישט אָפּשטעלן.

איז וועל איך זיך אָפּשטעלן כל־זמן עס גייט מיר ניט אוים מיין פּאַ־פּיר.

איז לאָמיר זיך אַראָפּכאַפּן מיט אייך אין איינע פון די גרעסטע יידישע געטאָס אין אַמעריקע און פּילייכט אין דער גאָרער וועלט. די יידישע געטאָ הייסט פערפעקס און זי שטייט אויף דער אַנדערער זייט פון דער דריי הונדערט און זעכציק מייליקער גרויסער שטאָט לאָס־אַנדזשעלעס.

צוערשט זיינען געקומען גוטע און פרומע יידן, געקומען גאַנצע האַרי־זאָנטן און אויסגעבויט גרויסע און קליינע מאָדערנע שולן צום דאַווע־נען. דאָן האָט מען געעפנט פיינע און ניט אַזעלכע פיינע קראָמען פון אַלץ וואָס איר גלוסט און וואָס איר גלוסט נישט. איז האָט איר אַ קראָם

פון מילך, קעז און פוטער און נעבן איר אַ קראַם פון סעמעטשקעס, פון באַקסער און טייטלען, און אַ פּאָר טריט ווייטער, אַ קראַם וואו מ'באַקט לאַטקעס פון בולבע. נאָך אַ שפּאַן, אַרבעס און וואַרעמע אַרבעס. אינ־מיטן דערינען אַ געשעפט פון אַלטע און נייע מעבל, קינדערשע וועגע־לעך, בראַנזענע און הילצערנע בעטן. נאָך אַ טריט און איר קאָנט קויפן אַ פּיאַנאַ, און טאַקע גלייך אין דערזעלבער קראָם קאָנט איר, אויב איר האָט אַן אויער, נאַטירלעך, אַ מוזיקאַלישן אויער און אַ ביסל געלט דערצו, זיך אויסלערנען שפּילן פּיאַנאַ און טאַקע קויפן די פּיאַנאָ אויך.

ס'איז גענוג אַז איינער אַ ייד זאָל אויסגעפינען פון וואָס צו מאַכן אַ לעבן, איז ווי שוועמלעך נאָך אַ רעגן, שפּרינגען אַנדערע אַרויס און טאַקע נעבן זיין נאָז, און מען דראַפּעט זיך און מען הוסט, און מען שטיקט זיך מיט געשעפט ביז יציאת נשמה . . .

פאַרמאַגן זיי דאָ רעסטאָראַנען, קיין עין־הרע, מער ווי עסער. שולן מער ווי דאַווענער. מוזיק (אָפּט אַזעלכע, וואָס קערט אייך איבער די גאַל), מער ווי צוהערער; גראָסערים מער ווי קויפער, און דאָס אַלץ דער־פאַר וואָס איינער אַ פּראָנצוויזישער פּראָפעסאָר (אַ ייד מסתם), האָט אויסגעפונען, אַז אַלע מענטשן וואָס זיי זאָלן נישט זיין, מוזן עסן; בכדי מ'זאָל זיין זאַט מוז מען עסן, און אַז מ'עסט לעבט מען, אַ "פּעטן" אַזאַ וואָס איז זיכער אויסגעפונען געוואָרן פון אַ יידן.

נו, אויב לעבן, קריכט מען איינעם דעם אַנדערן אויפן קאָפּ און מען מאַטערט זיך . . .

איז טאָמער וועט איר פרעגן אַ יידן דאָרטן, וועלכער האָט יאָרן־לאַנג געצויגן זיין גאַנצן רוח נחונות פון "ריעל עסטייט", פון הייזער, פון קאָרנער־לאָטס, פון מיטעלע לאָטס און גלאַט אַלערליי לאָטס און דערמאָנען עפּעס וועגן אַ לאָט — וועט ער אייך אָנקוקן ווי אַ משוגענעם. און אויב ער האָט נאָר כאָטש עטוואָס געגאַסן פון אַמעריקאַנער דער־ציאונג און פּראָספּעריטי, זייט איר נישט זיכער, אַז ער וועט אייך נישט אָנברעכן די ביינער און נישט צעברעכן אייער האַלדז און נאַקן.

און ער וועט זיין גערעכט, גערעכט וועט ער זיין! ווייל די אַלע לופטשלעסער וואָס ער האָט געבויט און אַזוי פּאַרפּאַטשקעט דעם גאַנצן געגנט, ווערן צעפאַלן. מיט אַלע זיינע פריינט, וועמען ער האָט פאַר־קויפט אַ "לאָט" איז געבליבן זיין שונא. ניט נאָר אַ שונא, נאָר אַן איי־

ביקער שונא. און אליין, ווי זאגט דארט דער דאקטאר — ליגט ער די ציינער אויף דער פאליצע . . .

ווי געזאגט, איז אמעריקע די גאנצע וועלט און פערפעקס איז אין אמעריקע.

פונעם טאג אז ווען מ'האט אנגעצונדן די גרויסע, ליכטיקע עלעקטרישע לאמפן, פארשטעלן זיי די שיין און מ'קאן קיין צעבראכענעם סענט אין די אויגן נישט זען. אבער ביזנעס איז ביזנעס סיי־ווי־סיי זייער געוואלטיק — גוט . . .

עס איז געווארן גראד אזוי ווי אין גרעסטן צענטער אין שטאט.

איר האט דא אלערליי געשעפטן. איר האט דא גאלד־געשעפטן, מעבל־געשעפטן, אויטאמאביל און קליידער און אונטערקליידער־געשעפטן, סעמעטשקעס און פיאנא־געשעפטן, מילכיקע און פוטער־ און קעז־געשעפטן, און לונג־און־לעבער־געשעפטן. קויפט איר דא אזוי ביליק ווי אין שטאט און פארשפארט „טאקענס" און צייט און אלץ בחצי חינם און א חוץ דעם שפארט איר צייט און איר קאנט זיצן אינדערהיים און עס בלייבט אייך אייער געלט אין קעשענע.

א לעבעדיק פלעצל פערוועקס אין לאס־אנדזשעלעס!

כמעט אלע סטארקיפער האלטן אין „אריינמופן" אדער „ארויסמופן". איר זעט שטענדיק שילדן: דערעפענונג סעיל! זייער ביליק, זייער ביליק, ווייל איך בין געצוואונגען צו פארמאכן! אויף איין פלאץ אויסצוהאלטן גייט דא נישט. דאס איז דא נישט אין דער מאדע! העכסטנס אז איר שטייט דא שלושים אין איין און דעמזעלבן פלאץ איז דהיינו!

און דער ברייטער עולם כאפט דערוויל אריין בארגנס. מ'קויפט פיר דאלערדיקע קאפעליושן פאר דריי דאלער און אכט און ניינציק סענט, אדער 10 סענטיקע שקארפעטקעס, דריי פאר דרייסיק סענט, און אזוי ווייטער.

טאמער זשע טרעפט אז א ייד שטייט דא שוין באלד א גאנצן איבער־יאר, איז א סימן אז ער קאן נעבעך נישט ארויס, אז ער האט, פאר אייך געדאכט, נישט קיין כוח ארויסצוגיין . . .

איין געשעפט וואס איז אויף פערפעקס עווענוי נארמאל און גוט, ווי א טיק־טאק פון אז אלטן וואנטזייגער, איז דאס געשעפטל פון דזשיזוס קרייסט! — דזשיזוס קרייסט! . . .

ווען איר שטייט אבער און באטראכט די חנעוודיקע עכט־יידישע,

שמעקנדיקע, לעבערלעכע זאַפּטיקע בייגל, און עס צופּט אייך ביים האַרצן פון מיטלייד צו אַ פליג, וואָס האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אינעם צוקער פון די צוקער־געבעקס, הערט איר אַ ליאַרעם, אַ געשריי, אַ ווילדן טומל און איר קערט זיך אום צו דערגיין וואָס דאָ האָט פּאַסירט? גאָר־נישט האָט פּאַסירט! . . .

דאָרט שטייט אַ קרעמערל און פאַרקויפט שטיקלעך האַלװע פון דעם אַלמעכטיקן זון פון דעם גרויסן גאָט און האַר דזשיזוס!

דאָרטן שטייט אַ קרעמערל און פאַרקויפט ניט נאָר בחצי חינם, נאָר גיט דאָס פּשוט אַוועק אַן אַ פּרוטה געלט. ער רעדט מיט גוטן. ער בעט זיך. ער שמייכלט. ער מאַכט גרימאַסן. ער שרייט און בייזערט זיך. ער וויל פאַרקויפן זיין סחורה אַן אַ גראָשן געלט, אַבי מ׳זאָל דאָס נע־מען אין האַנט אַריין. ווי איר זעט, איז דאָ אַן איבערפּראָדוקציע אויף זיין סחורה. אָדער ער האָט זיך דערשראָקן טאָמער וועט זיין סחורה פאַרלעגערט ווערן. ער מיט זיך מיט אַלע זיינע כוחות צו פאַנגען די אומשולדיקע יונגע נשמות, ווי אַ פישער די פיש ביים טייך.

האָב איך ווי אַ באַצאָלטער אַקטיאָר פאַרגלאָצט די אויגן און זיך גע־מאַכט ווי אַן אָנגעשטעלטער, ווי אַ פּריקאַשטשיק פון דעם זון פון גאָט — פון זיין טאַטן יעזוס אַליין. איך איבערצייג אים, אַז איך בין גאָט די נשמה שולדיק, אַזוי אומשולדיק בין איך, נעבעך, און פרעג אים:

— זאָגט מיר, ברודער, פאַרוואָס זאָלט איר נישט גיין אַהין, וואו איר קאָנט אייער סחורה פאַרקויפן? . . . זאָגט אייך דען נישט אייער גאָט וואו און אויף וועלכע גאַסן און אין וועלכן געגנט איר זאָלט גיין? פאַרוואָס אַוועקגעבן אַזויפיל מי, קראַפט און ענערגיע און גאָרנישט פאַרקויפן? טוט זאָג איך, אַזוי ווי עס טוען אַלע גרויסע און מעכטיקע רעגירער פון דער וועלט, די מאַכטהאָבער און רייכע, ווען זיי פאַרלירן דעם מאַרק אָפּצוזעצן זייער סחורה, שיקט מען אַריין די סי־איי־עי און מען פּראָוויצירט, צי מיט גוטן צי מיט בייזן אַ שטיקעלע פּראָוואָקאַציע און עס ווערט אַן אָנפאַל, פריער אַ קליינער, דאַן אַ גרעסערער . . .

— אַלס תירוץ פאַר זייערע אָנפאַלן אויף אַ פרעמד לאַנד און אויס־מאָרדן טויזנטער אומשולדיקע מענער, פרויען און קינדער זאָגן זיי, אַז זיי טוען דאָס צוליב פרידן, צוליב פרייהייט און דעמאָקראַטיע. דאַן נעמט מען אַראָפּ די פרוכטן פון דיביימער און די גרינסן פון גערטנער און מען וואַרפט דאָס אין ים אַריין און מ׳צווינגט דעם עולם צו צאָלן

געשוואַלענע פּרייזן. דער אָרעמער עולם קראַפּירט פון הונגער.

— איז אוים, ס'איז אַ מלחמה פאַר דעמאָקראַטיע, איז דאָך נישט שייך — זיינען מיר אין אַ מלחמה און מוזן מיטגיין! און דאָס טוען מיר אין נאָמען פון יושר, גערעכטיקייט און דעמאָקראַטיע!...

יעזוסעס אַגענט האָט מיין ערשטע פראַגע אַנגענומען פון אַזעלכן, וועלכער זוכט פאַר אים אַ נייעם מאַרקעט און ווי צו ראַטעווען זיין באַ־לעבאָס יעזוס, און ער האָט געענטפערט:

— ברודער, גאָט שיקט אונדז צו די אומשולדיקע, יונגינקע קינדער־לעך זייערע נשמהלעך צו ראַטעווען. זייערע טאַטעס, באַווייזט ער מיר מיטן פינגער, זיינען פאַרנומען מיט זאָרג וועגן געשעפט און פרנסה. זיי זיינען זיכער פאַרפאַלענע; די קינדער אָבער קאָן מען נאָך פי־לייכט ראַטעווען...

אפשר וואָלטן די פערפעקסער יידן פון לאָס־אַנדזשעלעס, אויף וועמען עס קוקט גאַנץ אַמעריקע און פיליכט אַנדערע פלאַנטען פון דער וועלט און אומגעגנט זען, אַז אויף דעם פלאַץ וואָס ס'פאַרנעמען יעזוסעס פּריקאַשטשיקעס און פיל אַנדערע אומזיסטיקע פרעסערם און אַנגע־שטעלטע, זאָל נישט איינגעזונקען ווערן. לאָטס און איבערהויפּט גוטע לאָטס זיינען נאָך איצט ווערט אַ פאַר ציבעלעס. זאָל מען טאָקע די גאָטס־סטראַפּטשעס, די נשמה־פאַנגער, די דעמאָראַליזירער פון די אומשולדיקע קינדער, די וועלכע פריידיקן נאַרישקייט און אַבסורד און ציען־אָפּ די געדאַנקען פון אונדזערע קינדער פון לערנען, און פריידיקן אַז אַלטן, ווילדן גלויבן און פינצטערניש.

די גרויסע און ציוויליזירטע יידישע באַפעלקערונג פון פערקפעקס אין לאָס־אַנדזשעלעס, אויב זיי וואָלטן זיך געגעבן די מי און געהאַט דעם ערנסטן ווילן, קאָנען זיכער פאַרטרייבן די נשמה־פאַנגער און אויף זייער פלאַץ אַוועקשטעלן אַז ערלעכן יידן צו פאַרקויפן סעמעטשקעס, אָדער פיאַנאָס, אָדער פרישע פּוטער, אָדער לונג־און־לעבער, אַבי נישט צו אוקשיאַנירן מיט יעזוסעס סחורה...

די לעצטע קאָן מען, אַלס גוטער פריינט, פאַרשלאָגן, אַז אויב זיי האָבן אַזוי מורא, אַז זייער סחורה זאָל נישט פאַרלעגן ווערן, זאָלן זיי דאָס אַריינוואַרפן אין ים אַריין און זאָלן זיי צו אונדזערע אומשולדיקע קינדער מיט אַזאַ פאַרשימלטער סחורה אין פערפעקס נישט קומען!

# 26

## אַ געווײַנטלעכע פּאַסירונג

(אַ מאָנאָלאָג פון אַ גראָסערימאַן)

ווילט איר, איך זאָל אײַך דערצײלן דאָס ביסל צרות, וואָס איך האָב איבערגעלעבט, זינט איך האָב געקויפט מײַן גראָסערי־סטאָר?

איך זאָג אײַך, אַז אַ מענטש איז שטאַרקער פון אײַזן, אַז ער קאָן אַפּטמאָל איבערלעבן זײַנע צרות.

ווען איך האָב געקויפט מײַן גראָסערי, איז געווען אינמיטן זומער. די טעג זײַנען געווען לאַנגע, וואַרעמע און ליבלעכע. יעדן פרימאָרגן, מיט זון־אויפגאַנג, פלעג איך עפענען מײַן גראָסעריסטאָר און האַלטן אָפן ביז שפּעט, ביז שפּעט אין דער נאַכט. מײַן ווײַב פלעגט מיר אין די ביזנעס אַרויסהעלפן. אַז איך אַליין בין פאַרפינצטערט געוואָרן, דאַרף איך אײַך נישט דערצײלן, נאָר די ווײַטיקן וואָס איך האָב דורך מײַן ווײַבס ביטערער לאַגע געליטן, איז שווער איבערצוגעבן.

אַז זי פלעגט ביז שפּעט בײַנאַכט זיצן אין גראָסערי מיט צוגעקלעפּטע אויגן, פלעגט דאָס מיר מײַן האַרץ צערײַסן אויף שטיקער. יעדן אינ־דערפרי, ווען זי פלעגט אַ בלאַסע, אַז אַ טראָפּן בלוט אין פּנים פון צו־ווײַניק שלאָפן, אַרײַנקומען אין סטאָר און נעמען באַדינען די קאַסטאָ־מער, האָב איך זיך בעסער געוואונטשן דעם טויט.

איך פלעג קוקן אויף איר בלאַסן פּנים פון צו ווײַניק שלאָפן און איר אויסגעמאַטערטער פּנים פלעגט אויף מיר קוקן, האָט אַ טיפער רחמנות אָנגעפילט מײַן האַרץ. איך פלעג שילטן יעדע מינוט וואָס איך האָב געקויפט די גראָסערי. אויסקומען אַז מײַן פרוי איז אָבער געווען אומ־מעגלעך. אָנשטעלן אַז אַרבעטער אויף איר אָרט איז געווען איבער אונדזערע קרעפטן.

איר דאַרפט פאַרשטיין, אַז די גאַנצע גליקן וואָס מיר האָבן געשעפּט פון דער גראָסערי איז געווען נישט מער ווי אויף אַ לעבן. אונדז, פאַר־שטייט איר, האָט קיין פאַרמעגן נישט געקאָסט. געוואוינט האָבן מיר אין די בעק פון דער סטאָר. דאָרטן האָבן מיר געגעסן, דאָרטן האָבן

מיר פאַרבראַכט די געציילטע פרייע מינוטן און דאָרטן אויך געשלאָפן.

איך האָב זיך אַרומגעזען, אַז איך האָב זיך אָפּגענאַרט. נישט דאָס האָב איך דערוואַרטעט. געוואָלט האָב איך מיין לעבן פאַרגרינגערן און אויסגעלאָזט האָט זיך אַ פוסטער חלום. מיין לעבן איז אַ סך שווערער געוואָרן, אַ סך פינצטערער און האָפענונגסלאָזער . . .

איר מוזט פאַרשטיין, אַז דער גאַנצער געדאַנק פון קויפן אַ גראָסערי, איז ביי מיר געווען נאָר צוליב מיין פרוי, וואָרום דעם אמת זאָגנדיק, וואָס האָט מיר געפעלט אין שאָפּ? מער נישט, איך האָב נישט גע־וואָלט, אַז מיין פרוים מאַן זאָל זיין אַ וויסטער אַרבעטער. אַז מען איז אין ביזנעס, האָב איך געטראַכט, איז מען פאַרט ביי זיך עפּעס זיכערער. געוואָלט האָב איך, אַז זי, מיין פרוי, הייסט עס, זאָל זיין מיט איר לעבן מער פאַרזיכערט.

נאָר לאָמיר דערציילן כסדר.

געווען איז דאָס זומער. מיינט איר דאָך, אַז עס איז געווען גוט. די זון שיינט. ס'איז וואַרעם. ס'איז דאָך עפּעס זומער, האָט איר אַ גרויסן טעות. עס קאָן ווידער זיין, אַז זומער איז אַ גוטע זאַך, איך אַליין ווייס נישט. אַמאָל האָב איך מסתמא יאָ געוואוסט. נאָר פאַר די פינף יאָר וואָס איך בין דאָ אין די גראָסערי־ביזנעס, האָב איך אַלץ פאַרגעסן. וואָרום, מישטיינס געזאָגט, וואָס קאָן וויסן אַ גראָסערימאַן פון זומער? וואָס פאַראַ פאַרגעניגן האָט ער דען פון זומער? מאָדנע לאַנג זיינען יענעם זומער די טעג געווען. יעדער טאָג פלעגט זיך ווי אַ יאָר אויס־ציען. גאַנץ פרי, ווען די זון פלעגט אויפגיין, פלעגט מיר מאָדנע אַ צי טאָן ביים האַרצן. בייטאָג, אַז די זון פלעגט אויף דעם מיטן הימל אַרוים אין איר פולער פראַכט און גלאַנץ, פלעג איך אָנפאַנגען עפּעס רחמנות־דיק קוקן אויף מיין פרוי. בעת מיין פרוי פלעגט באַמערקן אַזאַ בליק מיינעם, פלעגט זי זיך אָוועקזעצן לעבן מיר, פאַרלייגן די הענט און זיך פאַרטראַכטן. אָך, ווי טרויעריק זי פלעגט דעמאָלט אויסזען! עפּעס אַזוי שוואַך, אַזוי מוטלאָז, אַזוי ווי אין חלום . . .

אין אַזאַ מאָמענט פלעגט מיך אַרומנעמען אַ מאָדנער פאַרלאַנג. צו־גיין צו איר, צודריקן איר האַנט שטאַרק צו מיין האַרצן און איר זאָגן:

— „יאָ, מיין ליבע פרוי. איך פיל, אַז דו פלאָגסט זיך דאָ. איך ווייס, אַז דו געפינסט זיך דאָ ווי אין אַ פינצטערער טורמע, אָבער וואָס בין איך שולדיק? האָב איך דען געקאָנט וויסן, אַז אַזוי וועט דאָס זיין?"

איך פלעג פילן, אז ווען איך זאָל דאָס טאָן, וואָלט מיר אַ שטיין אַראָפּ פון האַרצן און עס וואָלט מיר פיל גרינגער געוואָרן. נאָר דאָ פלעגט אַריינקומען אַ קאָסטאָמער נאָך צוויי סענט שוואַרצן פעפער און איבערשלאָגן די גאַנצע ביזנעס.

פאַרנאַכט פלעגן לעבן אונדזער סטאָר פאַרבייגיין הונדערטער מענטשן אין גרינעם, שמעקנדיקן פּאַרק אַריין און מיר פלעגן דאָס דאַרפן צו־קוקן מיט צעווייטיקטע הערצער. ווי שטאַרק האָט דאָס אונדז ביידן געצויגן אין פּאַרק אַריין! כאָטש צוקומען נאָענט צו די ביימער, פילן דעם ריח פון גרינע גראָז און שמעקנדיקע בלומען.

אָבער צום ערגסטן איז דאָס געווען זונטיק, ווען מיר פלעגן זען טויזנ־טער מענטשן, אויסגעפּוצט אין זייערע בעסטע יום־טובדיקע קליידער, גליקלעכע, צופרידענע, פאַרביישפּאַצירן אונדזער סטאָר. האָט אונדז גענומען עפּעס ציען ביים האַרצן אַזוי שטאַרק, אַז מיר פלעגן זיך מיט די הענט כאַפּן ביים האַרצן.

איינמאָל אין אַ זונטיק אָוונט האָט דאָס פּאַסירט. די ביזנעס זיינען דעמאָלט געווען שוואַך, קיין קאָסטאָמער איז נישט געקומען, האָב איך זיך אָוועקגעזעצט לעבן פענצטער און האָב באַטראַכט דעם הימל. איך זע ווי דער הימל האָט זיך ווי אין ים, אַ בלוט־רויטן ים איינגעטונקט און די ליכטיקע זון אַהין אַריינגענומען און אַרום און אַרום איז דער הימל מיט פאַרשיידנפאַרביקע קאָלירן געוואָרן באַפּוצט. קוק איך אַזוי אויף דער פאַרגייענדיקער זון און פיל, אַז עפּעס רייסט מיך ביי דער נשמה, עפּעס בענקט זיך . . . מיטאַמאָל דערפיל איך אַ צאַרטע האַנט אויף מיין אַקסל. איך גיב אַ דריי דעם קאָפּ — ס'איז מיין פרוי.

פון אַט־דער באַרירונג האָב איך דערפילט ווי אַ ליבלעכע וואַרעמ־קייט נעמט אַרום מיין גאַנצן קערפּער און עס פאַרקלעמט מיר ביים האַרצן. איך קוק מיט צערטלעכקייט און ליבשאַפט זיך איין אין אירע אויגן און איך באַמערק אַז אין אירע אויגן פינקלען טרערן.

קוקט זי אויף מיר אַביסל מיט אירע צוויי ליכטיקע פאַרוויינטע אויגן, בייגט אַן איר קאָפּ אויף מיין אַקסל און צעוויינט זיך.

— „ס'איז מיר שווער דאָ", — האָט זי מיט אַ צעווייטיקט האַרץ אַרויסגערעדט, — „אַ טורמע איז דאָ, אַ טורמע. איך ווער דאָ דער־שטיקט . . .

זי האָט אַזוי היסטעריש געוויינט, אַז עס האָט מיר גענומען אַ לאַנגע צייט זי איינצושטילן . . .

# 27

## הייסע לאַטקעס

(הומאָרעסקע)

לעבן זאָלן די לאַטקעס! נישט קיין קאַלטע מיין איך, נאָר הייסע, און טאַקע גאָר הייסע, ברענענדיקע!

וואָס איז עס אַזוי די גדולה מיט הייסע לאַטקעס? וועט איר פרעגן. טאָ הערט אַ מעשה:

וויסן זאָלט איר, רבותי, אַז איך בין געווען אַמאָל אַ יונגערמאַן, נישט געוואוסט פון הונגער, קללות, קלעפּ און אַנדערע אַנשיקעניש. איך בין מיר געגאַנגען וואו מיין האַרץ האָט געגלוסט, ביז . . . ביז איך האָב זיך פאַרליבט אין אַ מיידל, זאָלט איר שוין נישט פרעגן. פאַרוואָס אין אַ מיידל? איז פרעגט נישט! — אין וועמען האָב איך זיך געזאָלט פאַרליבן? אין אַ באַי אָדער אין אַ יידענע? ס'איז דאָך לעבערלעך! קורץ, איך האָב זיך פאַרליבט העט, העט איבער די אויערן!

ווי שטאַרק מיין ליבע איז געווען קאָנט איר האָבן אַ באַגריף דערפון, אַז זי, די ליבע מיינע, נישט די ליבע מיינע, נאָר דאָס מיידל, האָט אויסגעברענט אַ לאָך אין מיין וועסטל, פונקט איבער דער ברוסט־קעשענע. וואָלט דאָס אויך נישט געווען אַזאַ געפערלעכער אומגליק, אַז מ'זאָל דאָס דאַרפן באַשרייבן. זיינען נישט פאַראַן מער וויכטיקערע פּאַסירונגען און וועלט־זאַכן, וואָס מ'מוז באַשרייבן, ווי אַ לאָך איבער אַ ברוסט־קעשענע?

וואָלט דאָס אויך נישט געווען אַזאַ אומגליק, ווי זאָגט איר? קנאַפּ וועסטן זיינען פאַראַן אין אַמעריקע! איז אָבער די צרה, וואָס ס'האָט זיך מיר פאַרגלוסט חתונה צו האָבן מיט אַ מיידל. און באַלד נאָך דער חופּה האָב איך זיך דערוואוסט אין וואָס פאַראַ צרה איך בין אַריינגעפאַלן . . . מיין יונג ווייבל האָט מיר גלייך באַוויזן וואָס זי קאָן.

מילא, די קללות וואָס זי האָט מיר געשעקנט יעדן טאָג, בין איך אייך מוחל . . . אָבער די קלעפּ, דאָס איז שוין נישט געווען פאַר מיינע כוחות. מען האָט באַדאַרפט זיין אַ דזשעק דעמפּסי דאָס איבערצו־

טראָגן! וואָס זאָל איך אייך זאָגן, ליבע לעזער, זייט די וועלט איז אַ וועלט און זינט מענטשן האָבן חתונה, האָט נאָך קיינער נישט געקראָגן אַזאַ שלאָק אַ ווייב, ווי איך האָב געקראָגן.

הערט אַ משוגעת פון אַ ווייבל. דריי חדשים נאָך דער חתונה איז זי מיר דערגאַנגען די יאָרן: זי וויל אַ קינד! סטייטש, וואו זאָל איך דיר נעמען אַ קינד! ס'איז דאָך ערשט דריי חדשים ווי מיר האָבן חתונה געהאַט! אָבער זי וויל נישט וויסן דערפון. הקיצור, גיט איר קינדער! און דאָס פּיסקל שעלט מיט טויטע, פינצטערע קללות.

בין איך ביי איר פּשוט געשטאָרבן פון הונגער. קיינמאָל נישט גע־קאָכט. מילא, האָב איך געהונגערט, אַ ברירה האָב איך געהאַט? נאָר געבעטן גאָט האָב איך, איך זאָל פון דער צרה פּטור ווערן. און גאָט האָט זיך דערבאַרעמט איבער מיר און אָט ווי אַזוי:

איז אַ פּסחדיקן זונטיק בייטאָג, ווען איך בין מיר געזעסן פאַרהונ־גערט צוזאַמען מיט מיין פלוניתטע, פאַלט אַריין מיין קאַזין און פאַר־בעט איר צו זיך. מיין יידענע דערהערט די איינלאַדונג, נעמט זי לויפן. מילא, לויף איך אויך. און קומענדיק צו דעם קאַזין, האָט מען דאָרט גענומען דערלאַנגען לאַטקעס, הייסע ווי פייער . . .

מיין פלוניתטע האָט דערעזן די לאַטקעס, האָט זי זיך מיט זיי דער־פרייט, ווי מיט משיחן און גענומען שלינגען איין לאַקע נאָך דער צוויי־טער . . . נאָר באַלד האָט זי גענומען שרייען: — פייער! פייער! עס ברענט! — און זי נעמט טאַנצן, שפּרינגען פון איין ווינקל צום צווייטן.

אויף אירע קולות האָבן די שכנים געמיינט, אַז דאָס הויז ברענט, האָט זיך דער געשריי „פייער!" צעטראָגן איבערן גאַנצן בלאָק. באַלד זיינען אָנגעקומען די פייערלייטע און מ'האָט גענומען ברעכן די פענצ־טער און אַוואו נאָר זיי האָבן דערזען אַ שטיקל האָלץ, האָבן זיי גע־בראָכן און געגאָסן וואַסער.

אָבער מיין ווייבל שרייט אַלץ „פייער!" זי בייגט זיך אין צענטן, ווייזט אויף איר צונג, און אַזוי אויסגעפּאַכעט די נשמה און מיך אי־בערגעלאָזט צוריק „סינגל". ברוך שפּטרני! נו, זאָגט אַליין, איז נישט פאַראַן וואָס זיך צו פרייען מיט די הייסע לאַטקעס?

# 28

## רעכטס און לינקס

(פאנטאזיע)

עס האבן זיך אמאל צעקריגט די גלידער פון א גאנץ געזונטן קערפער, און אזוי ווי עס פירט זיך אין כמעט אלע ארגאניזאציעס, האבן די גלי־דער פון דער רעכטער זייט געפאסט א רעזאלוציע, אז זיי זאלן פאר קיין פאל נישט גיין צוזאמען מיט די גלידער פון דער לינקער זייט, און די גלידער פון דער לינקער זייט האבן געפאסט א רעזאלוציע נישט גיין אינעם וועג פון די רעכטע און נישט קאאפערירן מיט זיי.

די באשלוסן זיינען אויסגעפירט געווארן פינקטלעך. ווען דער רעכ־טער פוס האט געמאכט א טריט פארווערטס, איז די לינקע פוס געבליבן פון הינטן אויפן זעלבן פלאץ און האט דעם קערפער געשלעפט צוריק. האט שפעטער די לינקע פוס געגעבן א שפרייז אויף א פרייען וועג, איז די רעכטע געבליבן ווי צוגעשמידט אויף איין פלאץ און האט נישט געוואלט מיטהעלפן א ווייטערדיקן טריט צו מאכן.

האט די רעכטע האנט אויפגעהויבן א שווערע פאז פון טעטיקייט פאר דער אנטוויקלונג פון גאנצן קערפער, איז די לינקע האנט געשלאפן און האט נישט אונטערגעהאלפן די שווערע משא, וואס איז ארויסגעפאלן פון דער רעכטער האנט. איז די לינקע האנט א ביסל צייט שפעטער צום שכל געקומען און אויפגעהויבן א פאז פון פרייהייט, האט די רעכטע האנט נישט געוואלט מיטהעלפן, און דער פועל־יוצא איז נאטירלעך געווען, אז נישט די פיס זיינען געגאנגען און די הענט האבן זייער שווער געארבעט.

דער קערפער איז דערפון שוואכער געווארן און די אלע גלידער זיינען באוועגלאז געווארן און דער גאנצער קערפער איז ווי א שטיק האלץ געפאלן. פליגן, אינסעקטן, קלענערע און גרעסערע ברואימלעך פון כל־ערליי חיהלעך האבן שפאצירט איבער אים און חוזק געמאכט פון זיין אמאליקן שטאלץ און שטארקייט און אויסגענוצט דעם געוועזענערם גרויסן קערפער פאר פאראזיטישע נעסטלעך און געצויגן יניקה פון דער

דיסהאַרמאָניע פֿון די אויסגעמאַטערטע גלידער.

אָבער אַ קערפּער באַשטייט נישט נאָר פֿון הענט צו אַרבעטן און פֿיס צו גיין צו דער אַרבעט. אַ קערפּער טראָגט אין זיינע אַרבעטס־גלידער אַ קאָפּ פֿון מאַרך, וואָס איז אייגנטלעך דער פֿולקאָמער באַלעבאָס פֿון די הענט־אַרבעטער און פֿון די פֿיס־טרעגער. אַט דער באַלעבאָס טאַקע איז דער ריינער געדאַנק און דער אַנטוויקלטער מוח האָט איינגעזען, אַז אַזוי לאַנג ווי ער וועט לאָזן די גלידער אַז אַ קאָפּ מאַכן שבת פֿאַר זיך, און אַז יעדער וועט ציען אין זיין וועג די רעכטע רעכטס און די לינקע לינקס, וועט דער קערפּער פֿיליכט אַלעמאָל בלייבן באַוועגלאָז אויף איין פּלאַץ אַז אַ ברעקל פֿאַרטשריט, האָט דער באַלעבאָס זיך רחמנותדיק געבעטן ביי זיינע גלידער נישט צו זיין איינגעשפּאַרט און באַהילפֿיק זיין איינער דעם צווייטן. צוערשט אַרונטערוואַרפֿן פֿון זיך די יאָרן־לאַנג אַנגעקליבענע פּאַראַזיטן, רייניקן דעם קערפּער פֿון די פֿליגן־נעסטן, דאַן אַלע צוזאַמען מאַרשירן פֿאָרויס און דורכברעכן די ווענט וואָס פֿאַרשטעלן דעם צוגאַנג צום גליק — — —

אָבער פֿאַרלויפֿיק גייען די רעכטע פֿיס — רעכטס און די לינקע פֿיס — לינקס; די רעכטע הענט האַלטן אַ פּאַן צו מערב און די לינקע — צו מזרח.

אויב זיי האָבן זיך צוגערוקט נעענטער צו איינע צו די אַנדערע און אַרויפֿגעזעצט אַ קאָפּ אויף די האַלבע קערפּערס וועלן מיר אויסגעפֿינען שפּעטער.

# 29

## הומאָריסטישע לידער

### כבוד דעם דיכטער

פון הונגער ס'לײדן די יידישע דיכטער,
דאָ און מעבר לים.
זײ שטרעקן די הענט אױס צום הימל:
— פונעם הימל פאַלט נישט קײן מן.

צום דיכטן זײ דאַרפן קײן סך נישט:
אַ פעדער, פּאַפּיר און געדאַנק.
אַז ברױט? דאָס האָב איך פאַרגעסן,
אַז אױך אַ שרײבער, עס דוכט זיך, דאַרף עסן.

עס ערן די יידן דעם דיכטער
מיט פיל בלומען נאָכן טױט,
אָבער זעלטן אַז אַ יידישער דיכטער
בײם לעבן זאָל האָבן זײן ברױט.

ס'קאָן דער דיכטער אױף שפּעטער נישט װאַרטן,
ער האָט ליב שײנע בלומען בײם לעבן . . .
דאָס פאָלק װאָס לײגט דאָס צום קבר,
דאַרף בײם לעבן אין האַנט אים דאָס געבן . . .

# נישט צו שפּעט

אַט דעם בריוו שרייב איך אין גראַמען,
ווערן וויל איך אַ פּאָעט:
אויב דאָס שטיקל צייט דערלויבט איך,
לייענט מיין ליד דורך —
ס'איז נישט צו שפּעט!

ס'קלאַגט ביי מיר אויך איצט די מוזע:
אַך, וואו נעמט מען נאָך אַ גראַם?...
איך האָב געפונען, אַז די מזוזה
אויף מיין טיר האַלט זיך קוים...

ווי איר זעט, קאָן איך אויך גראַמען,
נאָר איך ליג שוין אויפן בעט,
ווייל איך דאַרף אינזיינען האָבן
מאָרגן אויפשטיין נישט צו שפּעט!...

און זיין מוז איך ביי דער מאַשינע;
ווער מיר פויגל? וואָס מיר שטראַל?...
און די אַרבעט איז אַ שווערע
און עס פּלאַצט ביי מיר די גאַל.

דערפאַר האָב איך מיר פאַרגענומען
אַנצושרייבן דעם קופּלעט,
און אייך בעטן דאָס צו דרוקן
אויב עס איז נאָך נישט צו שפּעט!

איך מאַך קוים פאַר זיך אַ לעבן
פון דער אַרבעט ביי דער מאַשין:
כ'לעבן, ס'וואָלט נישט שלעכט געווען
ווען איר נעמט מיר צו אַהין.

דאָרט וואו יעדער ווערט אַ דיכטער,
גראַמט קופּלעט מיט אַ קאַטלעט;
איך וואָלט אויך אַזוי געשריבן,
גלויבט מיר, ס'איז נאָך נישט צו שפּעט! . . .

רייסט אַרוים די רויז פון דערנער,
פלאַנצט דאָס איין אין בלומען־בעט,
דינען וועט דאָס אייך אַלס דיכטער
כּל־זמן ס'איז נאָך נישט צו שפּעט! . . .

# זונענשיין, אָ, זונענשיין

זונענשיין, אָ, זונענשיין,
שיינסט מיר אינעם האַרצן אַריין.

וועקסט דאָרט ליבע, לעבנס־לוסט,
און עס ווערט מיר ענג אין דער ברוסט.

ס'ווילט זיך מיר פון שאָפּ אַרויס,
ס'ווילט זיך מיר אין וואַלד אַרויס.

זונענשיין, אָ, זונענשיין,
שיין נישט אין פאַבריק אַריין.

לאָז אונדז, שקלאַפן, רואיק זיין,
שקלאַפן דאַרפן נישט קיין שיין . . .

# ?ווערן גלויבן

(געווידמעט די פאַריתומטע פון דער וויעטנאַם־מלחמה)

מאַמע זאָגט מיר אימער צו:
„זאָג נאָר אמת, זונעניו".
זאָג איך אמת איין טאָג אויס,
ביז איכל ווערן עלטער, גרויס.

„ניטאָ קיין אמת!" — פאַפאַ זאָגט.
לעזט אַ צייטונג ער און קלאָגט . . .
לעזט ער קוים אויס איין בויגן,
ווישט פון טרערן ער די אויגן.

מאַמע רעדט פון טייכל, גאָרטן,
מיט גאָלדן פישעלעך פיל דאָרטן;
פון בלומען, פייגעלעך, פּאָמעראַנצן,
פון מלאכימלעך וואָס טאַנצן.

פאַפאַ רעדט נאָר פון קריג:
פראַנקרייך, דייטשלאַנד און אַ ליג;
ענגלאַנד, אירלאַנד, פּאַלעסטינע,
און פון עפּעס נאָך אַ גרויס מדינה.

קוק איך פאַ און מאַ פון אויבן,
ווייס ניט וועמען פון זיי צו גלויבן:
צי פון דעם וואָס מאַמע זאָגט,
צי פון דעם וואָס פאַפאַ קלאָגט?

שטיי איך, טראַכט איך: אַך ווי פיין
ווען קיין צייטונג זאָל ניט זיין!
פאַפאַ וואָלט אים ניט געלעזן,
וואָלטן קיין מלחמות ניט געוועזן! . . .

# דאָס זעקסטע געבאָט

לא תרצח! געזאָגט האָט די תורה הקדושה.
נישט הרגע! נאָר וועמען? — דאָס איז נישט דערמאָנט.
פאַרגעסן האָט דעמאָלט דער הייליקער משה
די ווערטער די קלוגע צו האָבן באַטאָנט.

געדאַרפט האָט ער פשוט פאַרזאָגן דעם עולם:
נישט הרגע קיין מענטשן! נאָר פליגן און פליי,
א כשרע בהמה, א הינדל, דו גולם!
אָט־די וועלבע קייען נאָר האָבער און שטרוי...

געדאַרפט האָט ער געבן א פשוטע הלכה,
דערקלערן די מיינונג פון ווערטער די צוויי,
אַז הרגענען מעג מען צו מאַכן א ברכה,
און נישט ווייל דער היינטיקער דין איז אַזוי...

דער ערב־רב ווי אין אַלטן מצרים
פאַרטייטשן דאָס אַנדערש דאָס זעקסטע געבאָט:
אויף פערד — האָב רחמנות, א צער בעלי חיים,
נאָר מענטשן — זיי מעגסטו גלייך שיקן צו גאָט...

# אין מיין האַרצן

עס האָט מיך געפרעגט מיין געליבטע
מיט טרעריקע אויגן:
— אָ, זאָג מיר, מיין ליבער, וואוהין איז
מיין יוגנט פאַרפלויגן?

ערשט זיינען מיר קינדער געווען,
מיט ליכטיקע בליקן;
געהאָפט און געטרוימט און געחלומט
פון אַלערליי גליקן.

איצט זיינען מירביידע דערוואַקסן,
געבילדעט, דערצויגן.
עס האָבן די לאַסטן פון לעבן
די קעפּ אונדז געבויגן.

עס פליען די טעג און די יאָרן
ווי פייל אויסן בויגן! . . .
און זי האָט אין שפּיגל איר יוגנט
געזוכט מיט די אויגן . . .

האָב איך איר געענטפערט: מיין ליבסטע,
דיין יוגנט, דיין זיסע,
וועסט נישט געפינען אין שפּיל;
מיין האַרץ איז איר תפיסה.

דאָרט בליט נאָך דיין יוגנט, דאָרט קלינגט נאָך
דיין זילבער געלעכטער;
דאָרט ביסטו נאָך איצט ווי געוועזן,
די שענסטע, די ליבסטע פון טעכטער.

# דער מאָדערנער משיח

ויהיה באחרית — געזאָגט האָט ישעיה,
אַז קומען אַמאָל וועט די גליקלעכע צייט,
והיה לעם אחד — נאָר איין פאָלק, אַ נייע,
אָן שנאה, אָן קנאה, אָן רויב און אָן שטרייט.
און פאַשען צוזאַמען וועט זיך אויפן גראָז
אַ טיגער, אַ הירש און אַ מענטש אויך דערביי;
אַ לייב און אַ בהמה, אַ וואָלף און אַ האָז,
אין שלום וועט לעבן ס'געזינדל זיך פריי!

אַוועק זיינען יאָרן, פיל דורות פאַראיבער,
די ווערטער דעם נביאס געדענקען מיר גוט.
מיר וואַרטן און האָפן און קלערן נישט איבער,
אַז געחלומט דער נביא האָט דאָן אַ מינוט,
און נאָר אין אַ חלום פאַנטאַזיעס זיך וועבן
פון פרייהייט און גלייכהייט, פון ליבע און גליק,
פון לייבן מיט שעפסן אין איין הויז צו לעבן,
פון קריגן זיין היים, אויך זיין לאַנד צוריק.

גאַנץ אַנדערש איז אָבער אין פראַקטישן לעבן,
צו ברענגען משיחן אויף היינטיקער ערד,
איז נישט צו דעם וואָרט פון ישיעהן צו שטרעבן, —
אַ לופט־שיף אין הימל, און אין האַנט אַ שווערד...

# האַרט ביים טייכל

האַרט ביים טייכל שטייט אַ גאָרטן,
פול מיט גראָז און בלומען,
שפּילן זיך דאָרט קינדערלעך,
שפּרינגען, טאַנצן, זשומען.

מונטער קלינגט דאָרט אין דער לופט
כּי־כּי־כּי, כאַ־כאַ־כאַ,
וועמעס פּאַ עס האָט מער געלט;
ווער — אַ גוטע מאַ.

ביי אַ פענצטער זיצט אַ קינד
מיט אַ שמערצלעך בליק;
„ווען וועט פּאַפּאַ קומען שוין
פונעם קריג צוריק?"

לאַנגזאַם רוקט זיך אָפּ דער טאָג,
טונקל קומט די נאַכט,
זיצט דאָס קינד ביים פענצטער דאָרט,
זיצט און טראַכט און טראַכט.

פּאַפּאַ איז אין קריג אַוועק,
גאַנצע שוין צוויי יאָר!
קומען מוז ער דאָך צוריק,
איז דען דאָס ניט קלאָר? . . .

האַרט ביים טייכל שטייט אַ גאָרטן,
פול מיט גראָז און בלומען,
שפּילן זיך דאָרט קינדערלעך,
שפּרינגען, טאַנצן, זשומען.

# תוהו ובוהו

איך האָב פֿון לעבן, פֿון נאַטור
נישט קיין אָנונג, נישט קיין שפּור;
נישט קיין אָנפאַנג, נישט קיין ברעג,
צו געפֿינען אַ ליכטיקן וועג.

נישט געפֿילט קיינמאָל קיין גליק,
איינגעבונדן ווי מיט אַ שטריק,
און אין קייטן איינגעשמידט
איז יעדער אבר, יעדער גליד.

און פֿון אייגענע נישט קיין פֿרייד,
כ'זע נאָר צרות, פּיין און לייד.
אויך פֿון לאַכן נישט קיין טעם,
איך פֿיל קיין שפּאַס נישט אין קיין גראַם.

כ'בין נאָך יונג און פֿיל שוין אַלט,
אונטער דער זון איז מיר אויך קאַלט.
און פֿון צערטלעכקייט קיין רייד,
פֿון דעם מיך גאָט האָט אויסגעמיידט.

אויך פֿון אייגנטום בין פֿרעמד,
פֿאַרמאָג נאָר אויפֿן לייב דאָס העמד;
און אויף איר אַ פֿעלד מיט שמאַטעס,
אויסגעזייט פֿון פֿילע לאַטעס.

און מענטשן האַנדלען, וואַנדלען, לויפֿן,
מאָרדן, רויבן און פֿאַרקויפֿן.
גיב שוין ערד אַ שנעלן לויף
און מאַך פֿון דעם אַלעם אַ גיכן סוף! . . .

# 30

## געהערט און געזען

### אַ מאָדנער מענטש

— „דער צימער געפעלט מיר", — האָב איך געזאָגט און אויפגע־הויבן מיינע אויגן אויף דער מיסעס, — „און אַלעס . . . אָבער איר וועט מיר, אַזוי גוט זיין, געבן אַ קליין טישל. איך בין אַ שרייבער און איך דאַרף האָבן אַ טישל צו שרייבן; אויפן בעט קאָן מען דאָך ניט שרייבן."

די פרוי קוקט זייער פאַרוואונדעט אויף מיר און זי זאָגט:

— „מאָדנע, וויפל באָרדערס איך האָב שוין דאָ נישט געהאַט, אָבער קיינער האָט נישט געפאָדערט קיין טישל. אַלץ וואָס זיי האָבן געבעטן איז אַ בעט צום שלאָפן!"

דער צימער איז אָבער געווען אַ גוטער און די מיסעס . . . און דערצו האָט זי זיך געשוואָרן ביי איר מאַן און קינדער, אַז קיינער האָט ביי איר קיין טישל נישט געפאָדערט, האָב איך ביי איר דעם צימער גענומען.

ביינאַכט, איך לייג זיך שלאָפן, האָט זיך מיין טיר אומגערן גע־עפנט, הער איך ווי די מיסעס זאָגט צו איר מאַן:

— „האָסטו געהערט, אַ מאָדנער מענטש, אַט דער באָרדער אונדזע־רער, דער ליטוואַק, ניט אַנדערש גיב אים אַ טישל צום שלאָפן; אַ בעט צו שלאָפן טויג אים נישט!

— „וואָס רעדסטו, נאַר וואָס דו ביסט! ביי זיי אין דער ליטע איז מען געווען געוואוינט צו שלאָפן אויף טישן, ווייל זיי האָבן קיין בעטן נישט געהאַט, וויל ער דאָ אויך אַ טיש צום שלאָפן. אָבער אַמעריקע איז נישט ליטע! האָסטו אים באַדאַרפט זאָגן, פאַרשטייסט?! . . .

# עלעקשאָדראַמע (אין איין אַקט)

פּ ע ר ז אַ נ ע ן ערשטער, צווייטער, דריטער.

צ י י ט: זעקסטער נאָוועמבער, 1928 אין „פּרעזידענשל־עלעקשאָן".

ע ר ש ט ע ר: (קוקנדיק אויף אַ צעביילטן, מיט אונטערגעהאַקטע בלויע אויגן): פאַרוואָס ביסטו אַזוי צעביילט? ווער האָט דיר אַזאַ שיינע מתנה געשאָנקען?

צ ו ו י י ט ע ר: איך בין געגאַנגען שטימען און האָב געשטימט פאַר די רעפּובליקאַנער. (קוקנדיק אויפן ערשטן) און ווער האָט עס דיר די פאָדערשטע ציינער אויסגעהאַקט?

ע ר ש ט ע ר: איך בין געגאַנגען שטימען פאַר די דעמאָקראַטן! . . .

ד ר י ט ע ר (לויפט אַריין מיט אַ געיאָמער און קרעכץ): אוי וויי, אוי וויי, אַז אומגליק האָט געטראָפן! . . .

ערשטער און צווייטער: וואָס האָט פּאַסירט, שלימזל איינער?

ד ר י ט ע ר: איך בין געגאַנגען שטימען אַפריער פאַר די רעפּוב־ליקאַנער, האָט מען מיין קאָר צוגעגנבעט; בין איך דערנאָך געלאָפן שטימען פאַר די דעמאָקראַטן האָט מען מיין געלט און זייגער פון מיר אַרויסגענומען. (קוקט אויף די ערשטע צוויי). אין פיר יאָר אַרום וועל איך מיין שטים שיקן דורך דער טעלעוויזיע, וועט מען מיך נישט באַ־גנבענען . . .

ע ר ש ט ע ר: איך אויך, וועט מען מיך נישט צעביילן!

צ ו ו י י ט ע ר: איך אויך, וועט מען מיך די ציינער נישט אויס־קלאַפּן! . . .

(פ אַ ר ה אַ נ ג פ אַ ל ט)

## עס איז אַ וואונדער

ס'איז ערגעץ פאַראַן אַ לידל, וואָס זינגט זיך אַזוי:

„אַז דער רבי טוט וואונדער,
האָב איך אַליין געזען:
ער גייט אריין אין וואַסער
און קומט אַרויס אַ נאַסער".

אַבער מיט דער לעצטער דעמאָקראַטישער קאַנווענשאַן אין מיאַמי איז געווען נאָך אַ גרעסערער וואונדער. דער דעמאָקראַטישער קאַנדי־דאַט פאַר פּרעזידענט איז אַריין אַ נאַסער און אַרויס אַ טרוקענער.

וועט איר דאָך פרעגן: ווי אַזוי קומט עס? איז דער ענטפער: אַזוי איז דאָס! ס'איז אַ וואונדער . . .

ווי אַזוי פאַרט נעמט מען אַזוי פיל מיליאָנען מענטשן און מען זאָגט זיי צו לעקאַך מיט בראַנפן און מען גיט זיי נאָר וואַסער? וועל איך אויף דעם דערציילן אַן אמתע מעשהלע פון לעקאַך און בראַנפן, וואָס איך וועל געדענקען מיין גאַנץ לעבן.

געווען איז דאָס אין ווילנע. איך בין דאַן אַלט געווען ניין (9) יאָר און איך האָב, נישט פאַר אייך געדאַכט, געדאַרפט גיין אין חדר.

גייען מיר חברה פון חדר. ס'איז געווען דאַנערשטיק און דער גע־דאַנק, אַז מאָרגן דאַרף מען אין חדר נישט גיין האָט אונדז באַגייסטערט, אַז מיר האָבן זיך אַזש צעהרגעט איינס מיטן צווייטן.

זיצט זיך אַ פאַבריקנמאַכער ביים טיר. דאָרט איז נישט געווען אַזאַ זאַך ווי אַ פאַבריקנמאַכער „טרימט" אייך אַרום, אַזוי ווי דאָ אין אַמערי־קע. ער פלעגט זיין אַ צירולניק, אַ שערער, אַ פאַבריקנמאַכער, אַ פעלד־שער, אַ פּיאַווקע־שטעלער, אַ משומד, אַ קאָרטן־שפּילער און אַלץ וואָס איר ווילט הערן און געדענקען.

ווי באַוואוסט, האָבן די פאַבריקנמאַכער אַ סך צייט, נאָר גראָד ווען אַלע יידן גייען אין שול ווערן זיי, ווי אויף צולהכעיס זייער פאַרנומען. אַ גאַנצע וואָך שטייט מען ביים טיר און מ'טשעפּעט זיך מיט די חדר־ייִנגלעך.

רופט מיר אַ פאַבריקנמאַכער אַריין און פרעגט מיר אויב איך קאָן זאָגן קריאת־שמע פאַר אַ קינפּעטאָרין, וועט ער מיר געבן לעקאַך מיט

בראנפן. ער הייסט מיר קומען שפעטער און ברענגען נאך א פאר יינגלעך.

דאס געשעפט איז געשלאסן. איך שטיי לעבן א בעט, וואס איז געווען באדעקט מיט א ווייסן ליילעך און זאג קריאת־שמע און פון בעט הערט זיך פון צייט־צו־צייט א קרעכץ ווי פון א קינפעטארין און די פאריקנמאכערס שטייען און ווערן צעזעצט פון געלעכטער.

נאכן קריאת־שמע האט מען אונדז געגעבן געגילדטע בעכערלעך מיט וואסער און די לעקאך, האבן זיי געזאגט, איז פארברענט געווארן.

אזוי האבן די חברה געהאט שפאס מיט אונדז חדר־יינגלעך, ביז וואנען איך האב אויסגעפונען, אז די קינפעטארין איז גאר א פאריקנמאכער, דאן האבן מיר חברה זיך צונויפגענומען און זיי אויסגעבראכן אלע שויבן פון דער פאריקנמאכעריי. זינט דאן האבן זיי שוין מער די חדר־יינגלעך נישט גענארט.

יא, ריכטיק, אזוי איז פארגעקומען ביי דער לעצטער דעמאקראטישער קאנווענשאן אין פלארידע, וואו מען האט נאמינירט מעקארטין פאר פרעזידענט.

דער עולם איז געשטאנען, ווי חדר־יינגלעך, און געזאגט קריאת־שמע און דאס טאקע גוט אפגעזאגט אויך, און דאס האט געווירקט . . . אבער קיין לעקאך מיט בראנפן האט מען נישט געגעבן.

געגעבן האט מען זיי וואסער. פון דעם צוגעזאגטן האט זיך אויסגעלאזט א וואונדער.

ער איז אריין א נאסער

און איז ארויס א טרוקענער.

טא ווי אזוי פארט קומט עס?

קומט דאס טאקע נישט.

עס איז אזוי.

עס איז א וואונדער.

# 31

## אַז מען לעבט דערלעבט מען

(געדאַנקען, זכרונות, באַטראַכטונגען און גלאַט אַזוי זיך פאַרצייכנט אויף א רייזע פון מאָסקווע ביז מינסק און ווייטער. — אין 1925. — בריוו פון רוסלאַנד)

אַז איך האָב פון קליינווייז אָן פיינט געהאַט צו שטאַרבן, ווייס איך. אַז מען שטאַרבט נישט לעבט מען, און אַז מען לעבט, דערלעבט מען.

הונדערטער טויזנטער, אפשר מיליאָנען מענטשן האָבן אין די לעצטער עטלעכע יאָר, אָפּגעטאָן די נאַרישקייט אוועקצוגיין פון דער וועלט פאַר דער צייט. מלחמות, רעוואָלוציעס, פּאָגראָמען, הונגער, עפּידעמיעס האָבן זיי געגעבן די געלעגנהייט דערצו, האָבן זיי זיך אָן דעם אָנגעכאַפּט. איז וואָס־־זשע מיינט איר, האָבן זיי טאַקע געטאָן אַ נאַרישקייט. אַז מען שטאַרבט, איבערהויפּט אין רוסלאַנד, לאָזט מען דורך אַ סך טשיקאַווע זאַכן, וואָס איר וועט דאָס אין קיין אַנדער לאַנד אויף דער וועלט נישט זען.

זען ווי אַזוי אַ לאַנד אַ פּאַראַליזירטע, אַ לאַנד נאָך וועלכער מען האָט זיך שוין געקליבן אָפּזאָגן קדיש און צעטיילן זיך מיט איר ירושה; זען, זאָג איך, ווי אַזוי אַ גוסס איז אויפגעשטאַנען פון טויטן־בעט, גלייכט אויס זיינע ברייטע פּלייצעס און הייבט אָן צו אָטעמען מיט אַ פולער ברוסט, צוליב דעם אַליין איז דאָך כדאי אונטערצוואַרטן מיט דעם ביסל עולם־הבא.

דער דאָזיקער טיפער פילאָזאָפישער געדאַנק, אַז ווען מען איילט זיך נישט צו שטאַרבן ווערט מען מיט דער צייט אַ פילאָזאָף, איז מיר געקומען אין וואַגאָן, זיצנדיק אויף מיין רייזע פון מאָסקווע קיין מינסק, וואוהין איך בין געפאָרן אויף דעם שוחטים־פּראָצעס, און אגב, סתם אַ שמועס טאָן וואָס עס הערט זיך אין דעם יידיש וועלטל פון אמאָליקן תחום המושב דאָרט.

פאַר די זיבן יאָר פון דער סאָוועטישער מאַכט איז מיר שוין אויסגעקומען צו פאָרן אויף אַלערליי אופנים. איך בין שוין געפאָרן אין

וואגאנען אן פענצטער, אדער מיט פענצטער פארשלאגן מיט ברעטער אנשטאט שויבן, אין וואגאנען אן דעכער און אויף דעכער פון וואגאנען, רייטנדיק אויף בופערס און הענגענדיק אויף טרעפלעך פון פראכט־וואגאנען און אין פארמאכטע צוג־וואגאנען. מיר איז נישט איינמאל אויסגעקומען צו פארן אין וואגאנען, אויף וועלכע ס'איז געשטאנען אנגעשריבן: אכט פערד און פערציק מענטשן, נאר אין וועלכע ס'האבן זיך געפונען אכציק מענטשן א חוץ קעלבלעך, חזירים, הינער, באריקא־דעס פון קארטאפל, קארן און דעם רוסישן מאכל פון די הונגער־יארן — הירזש, שוין אפגערעדט פון יענע ברואימלעך, וואס האבן אפילו קיין סך ארט נישט פארנומען, אבער וועלכע זיינען טיכטיקע מעקלערס צווישן דעם מלאך המות און מענטשן.

נאר אז מען לעבט דערלעבט מען. דאס אלץ איז פארביי ווי א בייזער חלום. אוים הירזש, אוים פאיאקעס, אוים פראכט־וואגאנען, רייגערע און באקוועמערע ווי פאר דער מלחמה. איר קאנט נאך אפילו פארדינען אין א נסיעה. פאר א שפיי אין וואגאן, פארשטייט איר מיך, צאלט איר דריי קערבלעך שטראף. פאר אראפוואַרפן א פאפיראס־עקל דריי רובל, פאר אנברעקלען אויף דעם דיל — צוויי רובל. פאר אויסציען זיך מיט די שטיוול אויף דעם ווייסן איבערציער פון דער קאנאפע — איין רובל. איז אז איר האט שכל נישט צו שפייען און נישט צו שנייצן די נאז אויפן דיל, נישט אנמיסטיקן ווי אין א חזיר־שטאל און נישט צעלייגן זיך מיט די שטיוואלעס אויף דער קאנאפע ווי א דבר־אחר, קאנט איר זיך איינברענגען א שיינע פאר רובל, זיך כמעט אויסשלאגן די הוצאות־הדרך.

## א קלאס אן קלאסן

נאר אז הפסקה פון א האלבן יארהונדערט האב איך ווידער גע־מאכט „שהחיינו" אויף א וואגאן פון צווייטן קלאס.

איך זאג, צווייטן קלאס, ווייל ביי אייך, אין די בורזשויסקע לענדער, רופט זיך עס אזוי, נאר ביי אונדז, אין סאוועטן־רוסלאנד, זיינען די קלאסן נישט נאר אין דער געזעלשאפט, נאר אויך אויף די באנען, פאר־טיליקט געווארן. נישטא מער קיין ערשטער, צווייטער און דריטער קלאס, ווי אין דער צייט פון קלאסן־הערשאפט.

דער אמאָליקער דריטער קלאַס הייסט ביי אונדז איצט — האַרטער וואַגאָן, און דער געוועזענער צווייטער קלאַס האָט משנה־שם געוועזן אויף — ווייכער וואַגאָן. דער תּוך איז אַפּילו דער זעלביקער, — אויף אַ האָר נישט געענדערט — מער צוגעפּאַסט, נאָר דער נאָמען איז פּאַרט אַן אַנדערער, מער צוגעפּאַסט אין פּסיכאָלאָגיע פון אַ קלאַס, וואָס קעמפט קעגן קלאַסן.

יאָ, אַ חילוק איז פאַראַן. אַ רייזע אין ווייכן וואַגאָן קאָסט איצט אַ סך טייערער ווי עס האָט אַמאָל געקאָסט אַ רייזע אין אַ וואַגאָן פון צווייטער קלאַס, און מיט הונדערט פּראָצענט טייערער ווי אין דריטן קלאַס, כ'מיין, אין האַרטן וואַגאָן, דעריבער פאָר איך אין צווייטער קלאַס . . . פאַרדאָן, אין ווייכע וואַגאָנעס, וואו בלויז אויסדערוויילטע, ווי אַ שטייגער דיפּלאָמאַטן, אומזיסטע פּאַסאַזשירן און קאָרעספּאָנ־דענטן פון צייטונגען . . . איבערהויפּט אַזעלכע, וואָס האָבן קנאַפּע האָפענונגען פון געניסן פון עולם־הבא, און זעען דעריבער הנאה האָבן וואָס מער פון עולם־הזה.

און אָט, זיצנדיק אויף דער ווייכער קאַנאַפּע מיט דער ברייטקייט פון אַ יידן אויף דער העסיבעט, דערמאָן איך זיך, נישט ווילנדיק, אַז מיין לעצטע רייזע אין צווייטן קלאַס, ניט ווייכער וואַגאָן, מיט זיבן יאָר צוריק. דאָס איז געווען ווינטער 1917, באַלד נאָך דער אָקטאָבער־איבערקערעניש. געפאָרן בין איך פון אירקוטסק ביז מאָסקווע.

וועט איר דאָך פרעגן, וואָס האָט אַזאַ יידן ווי איך צו טאָן אין סי־ביר? אַז מיט רויכוואַרג האַנדל איך נישט און קיין פּאַדריאַדן אויף פליייש צושטעלן נעם איך נישט, און פוטער נאָך אויסלאַנד עקספּאָרטיר איך נישט, טאָ ווי קום איך צו פאַרקלייבן זיך אַ זעקס און אַ האַלב טויזנט ווייאָרסטלעך פון מיין היים? — טאָ פרעגט, איך בעט אייך, קיין קשיות נישט! וואָרום אויב איר וועט מיר אָנהייבן פרעגן קשיות, וועל איך אייך פרעגן: ווי קומען אַהין די צענדליקער פּליטים פון ליטע, די היימלאָזע פון פּוילן און וואָס האָבן דאָרט געטאָן די טויזנטער פּוי־לישע שפּיאָנען? אַז איר וועט מיר דערויף ענטפערן, וועל איך אייך זאָגן, אַז טאַקע די דאָזיקע שפּיאָנען האָבן מיר אַהין געבראַכט. ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש און יאַנושקעוויטש האָבן זיי אַהין פאַרשיקט, און ווען די פעברואַר־רעוואָלוציע האָט דערלאַנגט דעם צאַר מיט זיינע משרתים מיטן קני נידעריקער פון גאַרטל, בין איך אויך געווען צווישן זיי.

איך בין געפֿאָרן פֿון שטאָט צו שטאָט, פֿון שטעטל צו שטעטל, אי־בער אַלע עקן פֿון פֿאַרוואָרפֿענע לעכער. איך בין אומגעפֿאָרן און גע־זאַמלט די שארית ישראל, דאָס ביסל וואָס ס'איז איבערגעבליבן פֿון שרעקלעכן גלות־וועג, פֿון קאַזאַק־נאַגאַיקעס, דלות, הונגער, עפּידע־מיעס און זיך געזעגנט מיט די יעניקע, וועלכע האָבן געוואָלט פֿאָרן, גע־קאָנט פֿאָרן און געהאַט וואוהין און צו וואָס צו פֿאָרן.

פֿינף חדשים בין איך אַזוי אַרומגעפֿאָרן פֿון ווילנע ביז אירקוטסק, די הויפּט־שטאָט פֿון מזרח־סיביר, און איבער טויזנט מייל אַן אַ זייט ביז טשיטאַ.

אמת, די אָקטאָבער־רעוואָלוציע איז נאָך אין סיביר נישט מעגלעך געווען, ווייל די דעניקינס און אַנדערע ווייסע גענעראַלן, מיט דער הילף פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט, אַמעריקע בתוכם, האָט געזען, אַז די רעוואָלוציע זאָל דאָרט קיין קיום נישט האָבן. טויזנטער מענטשן, איבערהויפּט עלטערע מענטשן, וועלכע האָבן קיין דירעקטן איינפֿלוס נישט געהאַט אויף דער רעוואָלוציע, האָבן געוואָלט פֿון דאָרט אַוועק־גיין, אָבער ס'איז געווען זייער אַ שווערער וועג ! . . . ס'איז געווען אומ־מעגלעך צו טראַנספּאָרטירן אַ גרויסן עולם און מ'האָט געמוזט וואַרטן אויף אַ געלעגנהייט וואו און ווען.

פֿאַר מיר איז די פֿראַגע געשטאַנען : ווי טראַנספּאָרטירט מען זיך אַליין פֿון דאַנען אַרויס ?

גייט פֿאָרט, אַז די וואַקזאַלן זיינען באַלאַגערט מיט מחנות דעזערטירן. די צוגן ווערן גענומען מיטן שטורעם. די וואַגאָנען זיינען פֿול מיט קראַנ־קע אויף פֿאַרשיידענע קראַנקהייטן. מען דאַרף זען, אַז קיין עפּידעמיע זאָל נישט אויסברעכן. די באַנען פֿאָרן איין מעטער פֿאָרויס און צוויי מעטער צוריק. נאָר וואָס איז שייך פֿאַר אַ יידן נישט קאָנען ? ווערט מען באַקאַנט מיט ווּעמען מען דאַרף און מען באַקומט וואָס מען דאַרף.

איצט איז געבליבן דורכצופֿירן איין קלייניקייט : „פֿאַרנעמען" אַן אָרט אין וואַגאָן. מיט אייגענע קרעפֿטן דאָס דורכצופֿירן איז געווען אוממעגלעך. רעדט מען זיך דורך מיט צוויי יונגע אָפֿיצערן, מיט אַן אינזשעניר פֿון אַ סיבירער זאַוואָד, מיט אַ פֿאַרוואַלטער פֿון אַ מאַסק־ווער מעטאַל־פֿירמע און מיט דריי אַנדערע פּאַרשוינען, מיט וועלכע איך בין געוואָרן גוטער ברודער פֿאַר די פֿאַר מעת־לעת. וואָס מיר זיינען צוזאַמען געלעגן אויפֿן וואַקזאַל און ווער מיט געווער אין דער האַנט.

ווער מיט חוצפה — אויך נישט קיין שלעכט געווער אין אַ עת צרה — נעמען מיר אַ קופּע צווייטע קלאַס „שטורמאַם” און פאַרבראַקאַדירן זיך אין איר ווי אין אַ פעסטונג.

מיר פאָרן. יעדער איינער איילט זיך וואָס גיכער אַהיים. בלויז דער צוג איילט זיך נישט. די איבערגעלאָדענע וואַגאָנען סקריפּען און קרעכצן, ווי אַלטע לייט, קלעטערנדיק באַרג־אַרויף. דער לאָקאָמאָטיוו שטייט ווי אַ יאַדישליווער מלמד. פון צייט־צו־צייט לאָזט ער אַרויס אַ האַרצרייסנדיקן געשריי, ווי אַ פאַרוואונדעטער. נאָר גאָרנישט, אַבי מען פאָרט!

פאַרשפּעטיקט האָט די באַן בסך־הכל אויף זיבעצן מעת־לעת. אַנשטאָט די געוויינטלעכע פינף מעת־לעת רייזע איז ער דאָס מאָל געקראָכן גאַנצע צוויי און צוואַנציק מעת־לעת.

און די גאַנצע צוויי און צוואַנציק מעת־לעת זיינען מיר קיין איין מאָל נישט אַרויס פון דער קופּע דורכן טיר. גאָר פּשוט, ווייל עפּענען אַ טיר האָט געמיינט צוריק זי נישט צומאַכן. אין בעסטן פאַל איז די קופּע גלייך פול געוואָרן מיט סאָלדאַטן און מאַטראָסן, וועלכע האָבן מיט אייך געטיילט אייער פּלאַץ. אויפן ערגסטן פאַל, אויב איר האָט געזאָגט אַ וואָרט, זייט איר געפלויגן פון קופּע מיטן קאָפּ פאָרויס. מיר האָבן געפונען פאַר בעסער צו האַלטן אונדזער פאַרבינדונג מיט דער אויסערער וועלט דורכן פענצטער. דורכן פענצטער זיינען מיר געקראָכן נאָך קיפּיאַטאָק (הייסע וואַסער), דורכן פענצטער האָבן מיר איינגעקויפט אויף די סטאַנציעס פּאַרפרוירענע בולקעס און האַרטע אייער, דורכן פענצטער האָבן מיר זיך צוגעגרייט צו זאָגן „אשר יצר”.

יעדעס מאָל ווען מיר פלעגן אַרויסלאָזן אונדזערן אַ חבר איז אונדזער פעסטונג אַטאַקירט געוואָרן פון אַ שונא — פון פּאַסאַזשירן וועלכע זיינען שוין טעג און וואָכן געלעגן און נישט געקאָנט זיך אַריינכאַפּן אין אַ צוג, אָבער אונדזער קליינע און מוטיקע אַרמיי איז שטענדיק געלונגען אָפּצושלאָגן די אַטאַקע.

אָפט פלעגן מיר אויך אַראָפּלאָזן אַ פענצטער, ווען דער צוג איז געווען אין באַוועגונג. דאָס איז געווען דאַן, ווען עמיצן האָט זיך פאַרגלוסט צו זעצן זיך מיטן רוקן צום פעלד אָדער וואַלד . . .

דער שאַרפער סיבירער פראָסט פלעגט זיך אַריינרייסן דורכן אָפענעם פענצטער און אויסקילן די קופּע, ווי אַן אייז־קעלער, אָבער אין אַ האַל־

בער שעה אַרום איז שוין די לופט ווידער פול געווען מיט געמישטע ריחות פון פאַרדאַרבענעם עסנוואַרג, פאַרפוילטע שיריים, שמוציקע וועש, לאַנג נישט־געוואַשענע קערפּערס און פאַרשוויצטע פיס.

וואָס אַ טאָג איז די קופּע געוואָרן אַלץ שמוציקער. די לופט פאַר־שטיקטער און די פּאַסאַזשירן אַלץ מער באַשאָטן מיט רויטע, ווייסע און שוואַרצע ברואימלעך, וואָס האָבן איין מינוט נישט געלאָזן די הענט אָן באַוועגונג.

ווען מיר זיינען אויפן צווייי און צוואַנציקסטן מעת־לעת אָנגעקומען קיין מאָסקווע, האָט די קופּע אויסגעזען ווי אַ שמוציקער מיסט־קאַסטן און מיר, די פּאַסאַזשירן, ווי אַ חודש נישט־געוואַשענע שמאַטע־קלייבער.

ווי אַזוי מיר זיינען פון אַזאַ נסיעה אַרויס לעבעדיקע — דאָס בלייבט איבער פאַר די דאָקטוירים און נאַטור־פאָרשער צו לערנען און דערגיין.

אַוועק בסך־הכל זיבן יאָר. איך זיץ אין מיין קופּע — אַ סאַלאָן! אַ קאַנאַפּע ווייך און ברייט, כאָטש פאַרדינג אַ העלפט צו אַ יונגער שכנה. דאָס איבערציעכטס בלאַנקט, די מעשענע טיילן פינקלען, די טירן מיט די שפּיגלען, די פענצטער ברייטע, היינט טישלעך, שפּיי־קעסטלעך, אַש־שעלכעלעך. אַלערליי באַקוועמלעכקייטן. אַ סאַלאָן ווי עס דאַרף צו זיין!

רעסטאָראַן־וואַגאָן. מיטיק טאָבל ד'אָט און לאַ־קאַרט. וויין, ביר, טיי, קאַווע, מינעראַל־וואַסער. ערשטער וואַגאָן, לינקס, פּאַזשאַלוסטאַ!

ביינאַכט קומט אַ קאָנדוקטאָר — די העפלעכקייט אַליין.

— „אייער בילעטיק אויף דער נאַכט . . . מיר זאָלן אייך נישט דאַרפן שטערן פון שלאָף".

אין אַ ווײַלע אַרום נאָך אַ העפלעכער באַגלייטער. בעט־וועש, בעט־צייג פרישע. אפשר וועט איר באַפוילן, איין רובל מיט פופציק קאָפּי־קעס אַ קאָמפּלעט.

מעג נישט אַ כפּרה ווערן גאַנץ אייראָפּע פאַר אונדזער ווילדער רוס־לאַנד? פון אַ פאַרבלאָקירטן מיסט־קאַסטן ביז אַ פּאַלאַץ־קופּע; פון עקספּעדיציעס פון האַרטע אייער, ביז אַ רעסטאָראַן ערשטע קלאַס! פון פרעהם מכות ביז פרישע בעט־וועש; וואָס פאַר אַ מהלך דאָס איז!

זיבן יאָר האָט געדויערט דער וועג. אַ סך קרבנות זיינען אויף אים געפאַלן, אָבער די וואָס האָבן זיך נישט געאיילט צו שטאַרבן, האָבן פאַרט דורכגעמאַכט אַ היפּשן טייל פון דעם שווערן וועג.

אַז מען לעבט דערלעבט מען!

# 32

## ווי אַזוי איך האָב געקלעטערט אויף מאַונט לאָו

(דאָס איז געווען מיט איבער פופציק יאָר צוריק)

אַפּוואוינענדיק אין לאָס־אַנדזשעלעס איבער דריי יאָר און האָבנדיק פאַרלוירן עטלעכע הונדערט דאָלער יאָרשענענדיק פאַר זיך אַביסעלע האַרץ־קראַנקהייט פון אַלטע, פאַרשימלטע און צעטראַסקעטע פאַרדלעך, וואָס האָבן אָוועקגענומען פון מיר די בעסטע יונגע יאָרן, בין איך נישט נאָר געפאָרן אויף דער ערד, נאָר געקייעט די ערד!

האָבנדיק וויניק געזען די קאַליפאָרניער דרויסנדיקע וואונדער און פטור ווערנדיק פון די פאַרד־שלעק, האָב איך אויסגעטראַכט פּלענער ווי אַזוי אַרויסצופאָרן כאָטש איינמאָל אַ וואָך אויסערן שטאָט, עס זאָל זיין אַי פאַר פאַרגעניגן און עס זאָל אויך זיין באַלערנדיק.

איז פאָרן מיט די רויטע קאַרס דער איינציקער וועג וואָס איך קאָן זיך דערלויבן.

פאָר איך מיט די רויטע קאַרס, וואָס פאָרן אינמיטן דער שטאָט, וואו ס'הענגט אַ פּראָמינענטע מעלדונג אויף אַ פּראָמינענטן פּלאַץ, וואו ס'איז געמאָלדן, אַז די קאַר פאָרט צום ביטש, וואָס דאָס איז אַ שטרעקע ווי פון דעלענסי סטריט, ניו־יאָרק, ביז קוני איילענד און רעכנט נאָר 70 סענט אַהין און צוריק און דערהרגעט יעדן מענטשן וואָס וואַגט אַרויפשטעלן אַ פוס אויף די רעלסן. די קאָמפּאַניע האָט לעצטן זומער אויסגעגעבן אַ פאַרמעגן אין די געריכטן, ביז די קאָמפּאַניע האָט שיעור נישט באַנקראָטירט. דער פרייז פאַר אַ פּאַסאַזשיר איז געווען צען סענט.

איך בין זייער אַ קליינער גוטער פריינט דער קאָמפּאַניע, אָבער זי פירט מיך אין זייער שיינע און אינטערעסאַנטע פּלעצער, אין און אַרום דער שטאָט.

איז ווי אַזוי זעט מען די שיינע קאַליפאָרניע ווען מ'איז אַן אָרימאַן און אַ דערשלאָגענער אַרבעטער דערצו?

נישט אַנדערש נאָר צו פאָרן מיט אַ טראַק!

איז אויב פאָרן מיט אַ טראַק, איז דאָס ביליקסטע — פאָרן מיטן הייקינג־קלוב.

אַזוי ווי איך בין נאָך גרין אין די הייקינג־ביזנעס, האָב איך געמיינט, אַז ס׳פּאַרט אַ טראַק אַ געוויסע שטרעקע און מע שפּאַצירט זיך דורך און מ׳איז דערנאָך צוריק אינדערהיים.

אַפּגעמאַכט דעם געדאַנק ביי זיך און אַזוי איז דאָס פאַרבליבן.

עס איז אַכט אַזייגער אינדערפרי. איך גיי צו צום ראָג ברוקלין עוועניו און סאַטאַ. אַ גרויסער עולם גייט אַרום און מען טומלט זיך. מען רעדט מיט די הענט, מען היצט זיך, מען געוואַלדעוועט, ווי לעבן אַ באַנקראַטירטן געשעפט, וואו מ׳האָט פאַרלוירן פאַרמעגנס. וואָסי? גאָרנישט קומט פאָר. מען קלייבט זיך אַרום דעם טראַק, וואָס דאַרף באַלד אָפּגיין צו „מאַונט לאָו”.

דער אייגנטימער פון טראַק איז געווען טאַנע גינזבורג. אַ מיטל־יאָריקער, פריינטלעכער אייגנטימער פון דעם אָריגינעלן וועגעטאַריאַנישן רעסטאָראַן, וועלכער פלעגט מער פאַרברענגען אין דרויסן צו ווייזן ווי אַזוי ער בייגט גראָבע שטיקער אייזן און שפּאַנט זיך איין מיט אַ גראָבער שטריק וואָס איז צוגעטשעפּעט צו אַן צעטראַסקעטן פאָרד און האַלטנדיק מיט זיינע צוויי מוסקולירטע הענט, לאָזט דעם פאָרדל נישט גיין. ער פלעגט ווייזן נאָך ענלעכע העלדישקייט און מיט דעם צוגעצויגן אַ גרויסן נייגעריקן עולם.

אין רעסטאָראַן דערוויייל זיינען כמעט אַלע טישלעך פאַרנומען. מ׳האַלט אַ זעמל אָדער אַ שטיק פּאַי, אָדער עטוואָס אַנדערש און עס זיצן דאָ די פירער און טוער פון די יידישע קלובן. מען פּלאַנירט מיטינגען, פאַרזאַמלונגען, דיסקוסיעס, אַרויספאָרן אָדער אַנדערע אַזעלכע אַקטיוויטעטן.

איך היים זיך דערלאַנגען פרישטיק. דער קעלנער דערלאַנגט מיר קאַשע מיט מילך און פאָרן איבעריקן האָט ער צייט . . . איך האָב דערווייל מורא, אַז איך וועל פאַרשפּעטיקן. איך צערעכן זיך מיט דעם קעלנער און לויף אַרויס. איך דערזע, אַז דער טראַק מיינער פאָרט שוין. איך שריי און דער טראַק שטעלט זיך אָפּ אַזוי שנעל ווי ער קאָן. איך וואַרף אַרויף מיין מאַנטל און מי זיך אַרויפצוכאַפּן אויפן טראַק. אַ געזונטער יונג מיטביינער, וואָס איז דער פירער, און נאַטירלעך, אויך

דער פאַליטישן פון גאַנצן האַיק, כאַפּט מיין האַנט און גיט מיר אַ שלעפּ און איך בין שוין מיט אַלעמען צו גלייך.

און מיר פאָרן. אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, פאַנג איך אָן באַטראַכטן מיינע מיט־פאַסאַזשירן און זיי מיך . . . אַ מאָדנער פאַסאַזשיר, טראַכ־טן זיי, קוקנדיק אויף מיר, נאָך אַ גרינער אין הייקינג, ווייזט אויס, נאָך נישט קיין איינגעשוואוירענער.

מען דאַרף אים לאָזן שמעקן פּולווער — ווינקען זיי איינער צו די אַנדערע. איך באַמערק ווי זיי באַטראַכטן מיין בלויען אַנצוג, ווייסן קאַלנער און אָפּגעפּוצטע שיך, מיין שיינער אויסגעפּרעסטע שליאַפּע.

דאַכט זיך, אַ געוויינלעכער אַנצוג, נאָר אין פאַרגלייך מיט זייער הייקינג־אַנטועכטס האָב איך אויסגעזען ווי אַ חסיד אָדער אַ קאַצאַפּ.

— „וואוהין פאָרן מיר?" — גיב איך אַ פרעג דעם נאָענטסטן צו מיר יונגנמאַן מיט אַ בלאַס פּנים, וואָס איך האָב באַלד אויסגעפונען, אַז ער קומט לעצטנס פון ניו־יאָרק.

— „איר'ט שוין אויסגעפינען", — מישט זיך אריין אַ מיידל אָדער אַ פרוי, מיט אַ מענערשער שטים, וואָס רעדט אויך מיט אַ שאַרפן רוסישן אַקצענט. זי איז אַ הויכע, אַ שוואַרצע, מיט זומער־שפּרינקעלעך, און איר אויסזען און קליידונג איז ענלעך צו אַ מענערישן הויכן סאָלדאַט.

— „אין אַ קעניאָן", — ענטפערט מיר אַ קורצער אָבער סימפּאַטישער בלאָנדער מאַן, מיט אַ גלאַטן קאָפּ, אָן אַ היטל, וועלכער וויל, אַז די האָר זאָלן אים צוריק אָנוואַקסן פון דער לופט . . .

עמיצער זאָגט אים אונטער דעם נאָמען פון דעם קעניאָן, נאָר איך האָב דאָס נישט אויפגעכאַפּט.

— „וואָס איז דער חילוק ווי ס'הייסט?" — און איך נעם שוין באַ־טראַכטן די פּעקלעך עסנוואַרג און די סאָלדאַטסקע זעקלעך, וואָס אַנדע־רע טראָגן אויף די פּלייצעס, ווי זיי וואָלטן זיך געגרייט אין מלחמה . . .

איז מיר געוואָרן אויפפאַלנדיק, אַז מיר לאָזן זיך ערגעץ אין אַ וויל־דערניש . . . ווייזט אויס, אַז איך בין דאָ אריינגעפאַלן ווי אַ יוון אין סוכה. מסתמא איז דאָ ערגעץ נישט ווייט פאַראַן אַן אָרט צוצובייסן, מחמת איך האָב דאָך קיין זאַך נישט מיטגענומען און איך רעד זיך אַזוי אויס מיין האַרץ פאַר מיין ניו־יאָרקער שכן.

— „נישקשה", — זאָגט ער מיר, — „איר'ט פון הונגער ניט שטאַרבן. איכ'ל נאָך קענען אָפּשפּאָרן אַ סענדוויטש אויך פאַר אייך".

שוין איין זאַרג אַראָפּ פון קאָפּ. און אַזוי ווי מיר גייען, רופט זיך אָפּ אַ ווייבל, שוין מיט אַ קירצער קליידל, ווי געוויינטלעך.

— „אַז מ׳וויל אַרויספאָרן, טאָר מען קיין סך נישט עסן, סיידן מען פאָרט מיט אַן עראָפּלאַן".

און אַזוי פאָרן מיר אַרויס פון דער גרויסער שטאָט לאָס־אַנדזשעלעס און מיר פאָרן פאַרביי אַלהאַמבראַ און פּאַסאַדינאַ.

דער הימל איז פאַרוואָלקנט. ס׳איז קילבלעך. אייניקע טוען אָן זייערע סוועטערס. איך טו אָן מיין לייכטן איבערציער און מ׳פאַנגט אָן רעדן וועגן וועטער. איינער רופט זיך אָן:

— „נאָר נישט געזינדיקט. אין דער איסט ווערט מען נאָך איצט געשוואָלן פון קעלט".

דער פעטער פּאָליטישן האַלט זיינע אויגן אָנגעשטרענגט צום הימל אַרויף. דער וואָס מאָנט איין דאָס געלט פאַרן פאָרן גיט אים אַ פרעג:

— „וואָס זוכסטו דאָרט אין הימל? ביינאַכט וועסטן זוכן די שטערן".

— „איצט זוך איך די זון", — זאָגט דער פּאָליטישן.

— „דאַרפסט זיך גאָרנישט זאָרגן, די זון וועט באַלד אַרויסקומען". (אָט אַזוי נעמט מען גאָט אויפן צימבל אין קאַליפאָרניע).

און מיר פאָרן אַזוי ביסלעכווייז באַרג אַרויף, נאָר מיט אַ גוטן וועג. באַלד פאַרקערעוועט מען זיך אויף אַ שמאָלן שלעכטן וועג, און די וועלבע זיינען פריער געשטאַנען אין פאָרנט פון טראָק, פאַנגען אָן זיך אַרויסגליטשן פון טראָק איינער נאָכן אַנדערן.

עס ווערט אַ געפערלעכע קוויטשעריי און געשריי.

דער טראָק דרייט זיך אויס אַזוי ווי אין שמונה עשרה אויף צוריקוועגס, ביז ער האָט זיך אָנגעשטויסן אין אַ פאַרקן מיט אַזאַ קראַפט, אַז דער טרייבער האָט אים קוים איינגעשטעלט.

מיר קריכן אַלע אַראָפּ פונעם טראָק און מיר הייבן אָן הייקן.

— „ווייטער פאָרן מיר שוין נישט?" — פרעג איך איינעם.

— „ניין", — ענטפערט יענער.

— „דער טראָק וועט דאָ וואַרטן ביז מיר וועלן צוריקקומען, וועט ער אונדז אַהיימפירן".

מיר גייען און מיר גייען.

מיר גייען מיטן קאָפּ געבויגן פאָרויס, כדי נישט צו פאַלן הינטערוויילעכטס, אויף פאַרשיידענע וועגעלעך און שטעגעלעך. אייניקע גייען

מיט איין סטעזשקע און אנדערע מיט אן אנדערער. אלע רעדן און קיינער הערט נישט דעם אנדערן.

און אזוי, נישט־קוקנדיק וואס עס קומט פאר אין פארנט פון אונדז, האבן מיר שוין א האלבע קאמפאניע פארלוירן. איך הייב אן ווערן פעסימיסטיש. רייסט זיך פלוצים ארײַן א יונג ווייבל, וועלכע כ׳האב פריער נישט געזען און נישט געהערט.

— „איר קאנט נאך איצט צוריק טרעפן צום טראק און ווארטן ביז אוונט, ביז מיר וועלן צוריקקומען".

איך דריי אוים דעם קאפ און זע ווי א פעטע יידענע, שוין נישט קיין יונגע און נישט קיין אלטע, אבער זייער א באגייסטערטע פאר גאטס שיינער וועלט און איז א בעלן צו זען מיט אירע אייגענע אויגן די אלע בערג, דעם קלארן, בלויען הימל, די הויכע ביימער און די גרויסע שטיינער און וואס ס׳טוט זיך אויבן אין אלגעמיין. און דאס אלץ שטייט אין דרויסן און קיינער גנבעט עס נישט אוועק. און זי פרייט זיך ווי אן אומשולדיק קליין קינד וואס איר מאמע האט זי געהאט. און אזוי פרייענדיק זיך, האלט זי אפן איר מויל, פליען אין איר אפענעם מויל ארײַן א גאנצע טשאטע לעבעדיקע פליגן . . .

גייענדיק צוריק, פרעג איך זי:

— „שווער צו קלעטערן?"

— „הא? שווער!" — ענטפערט זי מיר און היט זיך זי זאל קיין סך נישט דארפן ריידן.

# 33

## נייע פראָבלעמען

(פעליעטאָן)

האָט איר אַמאָל געזען דעם צעדראַפּעטן יינגל, וועמען מ׳האָט גע־פרעגט, ווי אַזוי האָט ער זיך אַליין געקאָנט צעדראַפּען דאָס פּנים, האָט ער לאַנג נישט געטראַכט און געזאָגט:

— „דאָס האָב איך אַליין געטאָן, זיך שטעלנדיק אויף אַ בענקל״.

אַט אַזוי, און ריכטיק אַזוי, קומט איצט פאַר מיט אונזערע ארץ־ישראל יידן, צווישן די מיטגלידער פון דער רעוויזיאָניסטישער אָרגאַניזאַציע „ברית טרומפּעלדאָר״ מיט די אַנדערע יידן, וועמענס פאַרברעכן באַשטייט נאָר אין דעם וואָס ווען זיי זיינען געבאָרן געוואָרן האָבן זיי אָנגעפאַנגען זויגן די ברוסט און עטוואָס שפּעטער האָבן זיי אָנגעפאַנגען זאָגן — מאַמע.

און פאָרגעקומען איז דאָרט נישט קיין געפערלעכע זאַך: אַט, עט, מעט, פון וואָס יידן נעמען זיך צום הארצן. אַ פּאָגראָם איז דאָרט פאָרגעקומען; האָט איר קיינמאָל נישט געזען אָדער געהערט פון אַ פּאָגראָם? . . . וואָס, ניין? — טאָ לייענט דעם אויפרוף פון אַ גרופּע יידישע שרייבער און פירער און וואָס זיי זאָגן וועגן דעם.

דעם פּאָגראָם האָבן די טרומפּעלדאָרניקעס דורכגעפירט קעגן זייערע אייגענע יידישע ברידער נאָר דערפאַר, וואָס יענע האָבן געלייענט אין מאַמע־לשון, אין יידיש, און האָבן אַנשטאָט „אם״, געזאָגט „מאַמע״, און אַנשטאָט „ספר״ געזאָגט „בוך״ און אַנשטאָט „רבותי״ געזאָגט „פריינט״ !!!

און דורכגעפירט האָבן דאָס די „טרומפּעלדאָרניקעס״ אויף אַן עכט אַלט־רוסישן און נייע־רומענישן שטייגער, מיט אַלע פּיטשעווקעס: מיט צעמענטענע ציגל, שטיינער און שטעקנס, צעבלוטיקט און צעניזוקט פיל אָנוועזנדיקע יידן, פאַר לייענען און רעדן יידיש!

ווער זיינען דאָס אַט־די „ברית טרומפּעלדאָרניקעס״? איז פרעגט מיך וועגן אַ נעכטיקער וועטשערע! איך בין נישט קיין בקי אין „טרומ־

פעלדאַרניקעס" און איך פאַרשטיי וועגן זיי גאָרנישט. פאַרשטיין פאַר־שטיי איך אָבער, אַז לויט זייער האַנדלונג מוז דאָס זיין די „פּאַשיסטי בישראל" אַלאַ מוסאָליני, און געלערנט פון די „טשאַרנאָסטאַשעס" פון דער אַלטער רוסלאַנד אָדער פון די היטלעריסטן פון דייטשלאַנד, פון די „ערוואַכענדע מאַרינאַרן" פון עסטרייך, פון דעם „ראַזוואָי" פון פּוילן, פון אונדזערע צאַצקענדיקע „קו־קלוקס־קלען" אָדער גאָר פון די איסט בראָדווייער געווערקשאַפטן (לויט זייערע לעצטע האַנדלונגען) און נאַשנ־דיק און האָבנדיק הויכע . . . וויסנשאַפטלעכע, ציוויליזירטע, קולטורע־לע אינסטיטוציעס, זיינען טאַקע אָט די תּלמידים (זאָגט זיי נישט אויס, אַז איך טראַכט תּלמידים), גוט באַהאַוונט אין זייער פאַך און טוען טאַקע די אַרבעט אַ־אַל־מאָד אָדער אַפּ־טו־דעיט.

און, „אַי בעט יו" — אין לשון־קודש נישט געטראַכט . . .

„אַי בעט יו", אַז זיי האָבן געדענקט אַזוי: „בעי זשידאָוו", אָדער זיך געטראַכט: יעשטשאַ פּאָלשי ניע סגינעלאַ", אָדער גאָר זיך געטראַכט פון „גאָד סעיוו דהי קינג", אָדער פון „מאַי קאַונטרי דיסאַמי" אָדער גאָר פון אַ יענקי דודל ליד, אָבער קיינמאָל נישט פון לשון־קודש.

איז וואָס איז עס פאַרט? — אַ פּאָגראָם? אַ שחיטה? אַ מאַסאַקער? אַ בוטשעריי? אָדער אַן אָנפאַל? וואָס איז דער אונטערשייד? — דער „באָיטשיקל" האָט זיך געשטעלט אויף אַ בענקל און האָט זיך געדראַפּעט דאָס פּנים!

פיין אָבער איז געווען, וואָס אַראַבישע און ענגלישע פּאָליסלייט האָבן באַדאַרפט פונאַנדעררייסן די יידישע פאַשיסטן פון די יידישע ברידער זייערע . . .

האָבן מיר שוין ווידער אַ שפּאָגל נייע פּראָבלעם און דאָס איז:

— מ'זאָל נישט לערנען קיין איין איינציק יידיש קינד קיין יידיש, און אויב יאָ, זאָל מען אים אָנשטאָפּן די ברוסט צום זויגן געבן אַ חלף אין מויל, כדי זיך צו פאַרטיידיקן פון די ווי זיי הייסן דאָרט.

אויך ביי אונדז דאָ, טאַקע דאָ, זיינען פאַראַן יידישע פאַשיסטן, ווי די געווערקשאַפטן, וואָס האָבן מורא, אַז טאָמער וועט אַן אָנשטענדיקער אַרבעטער דענקען אין אַן אָנשטענדיקער שפּראַך, איז אויך דאָ שטעלט זיך דאָס „באָיטשיקל" אויף אַ בענקל און צעדראַפּעט זיך דאָס פּנים . . .

מ'שלאָגט דעם יידן פאַר אַלץ און פאַר אַלעמען:

מ'שלאָגט דעם יידן פאַר רעדן יידיש.

מ׳שלאגט דעם יידן פאר געהערן צו א פראגרעסיווער יוניאן.
משלאגט אים פאר נישט געהערן צו א פאשיסטישער יוניאן.
מ׳שלאגט אים פאר אלץ!

די אראבער שלאגן דעם פרומען יידן פאר מתפלל זיין ביים כותל־מערבי און די „ברית טרומפעלדאר" (יידישע פאשיסטן) שלאגן די ראַדיקאלע יידן ווייל זיי דאווענען נישט . . .

און מאדנע איז, אז די קלעפ כאפט ער נישט פון שטיף־טאטן, נאר פון זיין אייגענעם ברודער, אדער בעסער געזאגט: — „ער אליין צעדראפעט זיך זיין אייגענעם פנים".

לויט די לעצטע פאסירונגען קען מען זען, אז די יידישע פאשיסטי בישראל האבן זיך אויסגעלערנט די מלאכה פון די אלט־רוסישע שווארצע מאהניקעס, פון די איסט בראדווייער געווערקשאפטן און אינטערנעשאנאל, אדער פון די אלע דריי (3) צוזאמען, מוז איך טאקע פרעגן אונדזער חשובן הער, ד"ר חיים ווייצמאן, וועלכער רייסט איין וועלטן און אויערן פאר „געלט־גיץ־מיך־געלט". אז מ׳שלאגט דעם פרומען יידן פאר יא דאווענען און דעם נישט־פרומען פאר נישט דאווענען, טא צו וואס? פאר וואס? און פאר ועמען? — „געלט־גיץ־מיך־געלט, גיץ־מיך געלט?" נישט אנדערש, אז מ׳דארף שוין אויך באצאלן דערפאר וואס מ׳שלאגט אויך? . . .

אוי, א וועלט אזא! . . .

1928

# 34

## אַ יאָר נאָך לענינס טויט

לעצטע וואָך איז איבער דער גאָרער וועלט געפייערט געוואָרן דער יאָרצייט פון דעם גרעסטן און פּאָפּולערסטן פרייהייט־קעמפער, ניקאָלאַי לענין.

ס'וועט זיין נישט איבערטריבן ווען מיר וואָלטן זאָגן, אַז דער אָנדענק פון ניקאָלאַי לענין האָט אַרומגעכאַפּט מער מענטשן ווי וועלכער אַנדער מענטש אין דער וועלט.

די ליבע און דרך־ארץ צו דעם גרויסן פירער איז געווען די עקסטרי־מיטעט אַליין. לענין האָט געהאַט און האָט מער אָנהענגער ווי וועל־כער עס איז מענטש אין דער געשיכטע פון פרייהייטס טעאָריעס, און איז מער באַליבט און פאַרגעטערט ביי מיליאָנען מענטשן, ווי וועלכער אַנדער מענטש פון דעם יאָרהונדערט.

לענינען ליבן די אַרבעטער, די פּויערים, די שקלאַפן, די אונטערדריק־טע, די ליידנדיקע און פאַרצווייפלטע. לענינען האָסן די קאַפּיטאַליסטן, די אויבערהערשער, די רייכע און עקספּלואַטאַטאָרס, דער מיטל־קלאַס, די רעכטע סאָציאַליסטן און די עקסטרעמע „רעוואָלוציאָנערן".

די קאַפּיטאַליסטן האָסן לענינען, ווייל ער איז געווען דער ערשטער צו פאַרווירקלעכן אַ טעאָריע אין פּראַקטיק און אין פּאָזיטיווע מעגלעכ־קייטן, וועלכער האָט געגעבן דעם ערשטן טויט־קלאַפּ צום גרויזאַמען, איינגעפונדעוועטן קאַפּיטאַליזם מיט זיין גאַנצער אומגערעכטער מאַ־שינעריי.

די רעכטע סאָציאַליסטן האָבן אים פאַרדאַמט נאָר דערפאַר, ווייל ער האָט גענומען די מאַרקסיסטישע טעאָריע, אין וואָס זיי אַלע גלויבן און האָט זי געוואָלט פאַרווירקלעכן אין דער פּראַקטיק. ער האָט גענומען דעם מאַרקסיסטישן לאָזונג, „די באַפרייאונג פון די אַרבעטער דאַרף קומען פון די אַרבעטער אַליין" און האָט זי כמעט ווי פאַרווירקלעכט. מיט זיין גרויסן און טיפן פאַרשטאַנד האָט ער אַרויסגעזען, אַז כל־זמן קאַפּיטאַליזם הערשט, וועלן די וועלכע פּראַצעווען נישט זיין אימשטאַנד

דורך בורזשואַזע פּאַרלאַמענטן און פּאַרשטייער מיט דיפּלאָמאַטישע דריידלעך עפּעס פּאָזיטיווס דערגרייכן פאַר זייער באַפרייאונג. פאַר די געלע סאָציאַליסטן איז דאָס געווען ווי איבעררייסן אַ מידן מענטשן פון אַ געשמאַקן שלאָף.

די עקסטרעמע „רעוואָלוציאָנערן" פון טראָצקים חדר, וועלכע האָבן געוואָלט האָבן אַ פּערמאַנענטע רעוואָלוציע, ביז וואַנען זיי וועלן פּול־קאָם נישט באַפרייט ווערן, זינגען אויך נישט קיין געזאַנג צו לענינען, ווייל ער האָט צופיל קאָנצעסיעס, צופיל קאָמפּראָמיסן געמאַכט צום קאַפּיטאַליזם, וואָס עס נעמט, לויט זייער מיינונג נאָך, אַוועק די שנעל־קייט פון דער פאָלקאָמער באַפרייאונג פון די פאַרשקלאַפטע.

לענין, אָבער, איז אין אַלע הינזיכטן די פאַרקערפּערונג פון עקסטרעם אַליין, וואָס האָט אָבער אויף דער אַנדערער זייט, געוואונען די ליבע און אַנערקענונג פון הונדערטער מיליאָנען מענטשן פונעם גאַנצן ערד־קוגל.

דאָ איז נישט דער פּלאַץ זיך צו פאַרנעמען צי לענינס טעאָריע איז די ריכטיקסטע צי נישט, אָבער אַז זי איז די ווירקזאַמסטע און דער־פאָלגרייכסטע — דאָס גיבן שוין צו אַפילו די גרעסטע שונאים זיינע.

מערקווירדיק איז, אַז ווען לענין איז געשטאָרבן, האָבן אַלע זיינע שונאים געיובלט! אַז אָט־אָט און די מאַכט פון די באָלשעוויקעס וועט פאַלן. די מאַכט פון די באַפרייטע אַרבעטער און פּויערים וועט צו־ריקגענומען — און די קאַפּיטאַליסטן האָבן שוין געהאַט עקס־קרוינען מיט עקס־־מאָנאַרכן וועלכע האָבן געוואַרט צו קריגן זייערע פעטע פּאָ־ראָזיטישע שטעלעס צוריק. זיי האָבן געוואַרט און געהוליעט אין פּאַריז אויף דער רעכענונג.

די סאָציאַליסטן האָבן אויך געהאַט געוויסע טעאָרעטיקער פון קאַרל מאַרקסעס סאָציאַליזם קאַבינעטנע טעאָרעטיקער צו פאַרנעמען זיין פּלאַץ און יעדער אויף זיין אָרט האָט געזען די מפּלה פון דער ערשער אַרבעטער און פּויערים רעגירונג פון דער וועלט.

אָבער לענינס לערע האָט זיך אַזוי שטאַרק איינגעקריצט אין די מוחות פון מיליאָנען מענטשן, אַז די אָפּוועזנהייט זיינע האָט כמעט ווי זיך נישט געמערקט; פאַרקערט —

די נאָענטע אַדיוטאַנטן און אַלטע חברים זיינע פון דער אַלטער גוואַר־דיע, זינאָוויעוו, סטאַלין און קאַמענעוו האָבן איבערגענומען די פּאָזיציע

מיט אַזאַ באַוואוסטזיניקייט און מיט אַזאַ אמתער אינטערפּרעטאַציע פון לענינס לערע, אַז נישט נאָר האָט דאָס פאָלק געליטן, נאָר פאַר־קערט — זינט לענינס טויט האָט זיך די אינערלעכע לאַגע פון סאָוועטן־רוסלאַנד אין אַלע הינזיכטן זיך פאַרבעסערט.

מיר הערן פון ווייניקער הונגער, ווייניקער ליידן, ווייניקער אויפֿ־שטאַנדן (אַ חוץ די געמאַכטע אין אַמעריקע), אַלץ מער גרעסערע לענ־דער האָבן זיך געבויגן און זי אָנערקענט. די אַזיאַטישע פעלקער אין אַפריקע און אַמעריקע, אין יאַפּאַן, אינדיע און קיטאַי, איבעראַל גייען מיליאָנען מענטשן נאָך די טריט פון לענינען, כדי דורכצופירן אין לעבן, דאָ טאַקע, אויף דער ערד, די לערע פון לענינען.

די סאָציאַליסטישע רעגירונגען פון דייטשלאַנד און פראַנקרייך האָבן ביי די בעסטע געלעגנהייטן נישט דורכגעפירט די וואונטשן פון דער מאַסע און די מאַסן ווערן דערפאַר וואָס ווייטער פון זיי דערווייטערט.

אין רוסלאַנד אָבער לעבן די מאַסן מיט זייערע רעגירער, ווייל זיי זיינען ערלעך און איבערגעבן.

און טאַקע דערפאַר האָבן מיליאָנען מענטשן פון דער גאַנצער וועלט געפייערט לעצטע וואָך דעם אָנדענק פון זייער גרויסן פירער און לערער ניקאָלאַי לענין.

1926

# 35

## ראַבינאָוויטש

ער איז געלעגן אויף אַ קאָמבינירטן שטול מיט צוויי גרויסע רעדער פון פאַרנט און ניקלנע פאַרענטשעס פאַר די הענט און אָנשפּאַרן פאַר די פּס. ער איז געלעגן אויסגעצויגן, מיט זיינע פּיס ניט גערירט, אַזוי ווי ניט קיין לעבעדיקער, אַזוי ווי אַ מאַניקען־פיגור, וואָס מ׳זעט אין די פענצטער פון די גרויסע געשעפטן. ער האָט קוים גערירט מיט זיינע פּיס. די הענט אָבער האָבן קאָנוואולסיוו געאַרבעט, געמאַכט צענדליקע באַוועגונגען יעדע מינוט, ווי מיט אַ ספּעציעלער מאַשין, וואָס דאַרף אַרויסגעבן אַזויפיל טיילעכלעך, זאַכעלעך, רעדעלעך, שרייפעלעך. די הענט זיינע האָבן זיך געוואָרפן אַרויף און אַראָפּ, אָפּט סימעטריש, אַז אַ צאָל און אַז אַ ברעג. זיין פּנים האָט ער געהאַלטן גלייך, ווי ער וואָלט געקוקט צום באַלקן. אין מיטן פון זיין דאַרן שאַרבן איז געווען זיין שפּיציקע נאָז און איבער דער נאָז צוויי טיף־אַריינגעשטעלטע וואַסערדיקע אויגן, איינע גרעסער פון דער אַנדערער. דאָס מויל האָט ער געהאַלטן אָפן און ס׳האָבן זיך אַרויסגעזעזן זיינע גאָלדענע ציין.

ער האָט כמעט ווי ניט גערעדט און ווען ער האָט עפּעס געוואָלט, האָט ער אַזוי שוואַך געמורמלט און באַוועגט מיט זיינע בלאַסע ליפּן, אַז בלויז די קראַנקנשוועסטער אָדער זיין פרוי, וועלכע זיינען פון אים ניט אָפּגעטראָטן אויף קיין רגע אַ גאַנצן מעת־לעת, האָבן אים פאַרשטאַנען.

ווען די קראַנקנשוועסטער האָט אים אַראָפּגענומען מיט גרויס מי און געניטקייט פונעם שטול, אים צו פירן אין וואַשצימער, איז ער געווען אַזוי רחמנותדיק קליין, אַזוי איינגעהויקערט, קוים געשלעפּט זיינע צוויי דינע פּיס, אַז מ׳האָט געמוזט צומאַכן די אויגן אוים רחמנות.

רובי האָבן אים אַלע גערופן. קיינער האָט ניט געוואוסט זיין ערשטן נאָמען. ס׳איז געווען גענוג ווען מ׳האָט געזאָגט: רובי האָט באַשלאָסן, אַז רובי האָט באַשלאָסן אַז ער פאָרט קיין ניו־יאָרק. רובי איז געפאָרן צו זיין זונס חתונה. רובי איז געפאָרן וועגן געשעפט. רובי איז געפאָרן צו אַן אייניקלס חתונה. רובי איז געפאָרן צו זיין טאָכטערס חתונה. רובי

איז געפאָרן צו אַ בר־מצוה פון אַן אייניקל. רובי איז איינגעלאָדן גע־וואָרן דאָ, דאָרט און איבעראַל.

רובי איז געווען אַ מאַיעסטעטישע פּערזענלעכקייט. אַ הויכער, גראַ־ציעזער, גלייכער, מיט אַ פּאָר ברייטע פּלייצעס, אַ גרויסע געטאָקטע קאָפּ מיט צוויי פּריינטלעכע בלויע אויגן און געטראָגן שטענדיק אַ שמייכלענדיקן פּנים.

צו רובין זיינען געקומען אַ סך פריינט, שכנים, געשעפטסלייט נאָך עצות, פראַגן און געשעפט און פּאָר אַלעמען און פּאָר אַלץ האָט רובי געהאַט צייט און געדולד. זעלטן ווען מ׳האָט אים געזען אַ פּאַרכעסטן, אַ פּאַרצאָרנטן. ווען זיינע באַקאַנטע האָבן גערעדט וועגן רובי, פלעגן זיי זאָגן: רובי וועט לעבן משותּלכם יאָרן, רובי וועט לעבן אייביק. רובי איז קיינמאָל קראַנק ניט געווען, קיינמאָל זיך ניט באַקלאָגט און וועט זיך קיינמאָל ניט באַקלאָגן.

רובי האָט דערצויגן אַ פאַמיליע פון אַכט מענטשן. פינף זין און דריי טעכטער. יעדן אין די בעסטע שולן געשיקט, די בעסטע קליידער גע־מאַכט, די בעסטע שפּייזן באַזאָרגט און אין די פיינסטע וואוינונגען אריינגעזעצט. קיין זאַך איז ניט געווען צו טייער פאַר זיי, צו ווייט אָדער ניט דערגרייכבאַר. האָט אַ קינד, אַן אייניקל אָדער ווער פון זיין הויזגעזינד עפּעס אַרויסגערעדט איז עס אין אַן אויגנבליק באַשאַפן גע־וואָרן.

פאַרשטייט זיך, אַז זיין דערפאָלג אין די געשעפטן און אויפברענגען זיין פאַמיליע איז אויך געווען צו פאַרדאַנקען זיין פרוי חנה. חנה איז שוין אין די נאָענטע אַכציקער, אַן אמתע אַריסטאָקראַטין מיט איר באַ־נעמען זיך צו מענטשן, צו אירע קינדער, אייניקלעך. אין איר בכבודיקן עלטער, מיט איר שיין פּנים און קלאַסישן אויסזען, מיט איר זאָרגן וועגן איר מאַן באַקלאָגט זי זיך דאָך ניט אויף איר דאָליע, אויף איר אומגליק און זי רעדט נאָר וועגן איר פאַרגאַנגענעם אינטערעסאַנטן און רייכן לעבן.

ווער־זשע איז רובי? דער געוועזענער גרויסער געשעפטסמאַן, אינ־דוסטריאַליסט, געזעלשאַפטלעכער טוער, מאַן און פאָטער פון דער גרוי־סער פאַמיליע, וועלכער גייט אוים פאַמעלעך און זיכער? . . .

ס׳האָט זיך געוואָלט פון אים אַליין, פון זיינע אייגענע בלאַסע, ציי־טערדיקע ליפּן הערן, פון וואַנען ער שטאַמט, ווי אַזוי ער קומט אַהער,

און ווי אַזוי איז ער אַזוי דערפּאַלגרייך געוואָרן אין זיין לעבן. כאָטש זיין מוח איז קלאָר, איז ער ניט בכוח צו ריידן אַ סך און הויך גענוג, אַז מ׳זאָל אים פאַרשטיין.

חנה, זיין פרוי, וואָלט זייער געוואָלט, אַז די היינטיקע פריינט, וועלכע זיינען די נאָענטסטע אין זייער פאַמיליע, זאָלן וויסן ווער רובי איז געווען, ווי זיך אַנטשולדיקט פאַר זיין איצטיקן מיזעראַבעלן אויסקוק, האָט זי זיי געבעטן קומען ווען רובי וועט שלאָפן און זי וועט זיך פאַר זיי אַראָפּרעדן פונעם האַרצן, דערציילן . . . זאָלן מענטשן וויסן, אַז דער היינט איז ניט דער נעכטן, אַז קיינער, קיינער איז ניט זיכער מיט זיין מאָרגן, ניט וויכטיק צי איינער איז רייך, שטאַרק, גוט און פייאיק, צו שיין און דערפאָלגרייך.

ס׳איז געווען אַ שיינער זוניקער טאָג. פאַרנאַכט. די זון האָט זיך אָנגעהויבן שפּילן אין באַהעלטעניש. דער הימל איז פאַרצויגן געוואָרן אין אַ געמיש פון וואָלקנס און זון און ס׳האָט אָנגעהויבן ווערן טונקל.

פונעם זעקסטן גאָרן פון דעם זייער רייכן אַפּאַרטמענט האָט מען געקאָנט זען דאָס יאָגעניש פון די אויטאָמאָבילן, וואָס פירן מענטשן וועלכע האָבן פאַרענדיקט זייער טאָג אַרבעט, געשעפט, מוח־ברעכעניש, און יאָגן איצט אַהיים צו זיך, צו ווייב און קינד, צו פריינט און געליבטע.

חנהס פּנים האָט אין דער פאַרנאַכטיקער טונקלקייט אויסגעקוקט ווי אַן עלטערע מאַדאָנע, ווי אַ הייליקע, וועלכע פאַרשטיקט אירע ליידן און וויייען, וויל ניט רעדן, כאָטש זי וואָלט דאָס זייער גערן יאָ געוואָלט. זי וויל ניט ריידן, ווייל זי וויל ניט ווייטאָן אירע פריינט, אירע אייגענע און נאָענטע, נאָר אינעווייניק אין איר האַרץ און נשמה האָט געברענט אַ פאַרלאַנג, אַ נייטיקייט צו רעדן, צו דערציילן אַלץ, אַזוי פיל, טאָקע נאָר ביכער אָנצושרייבן.

יאָ, זי וואָלט וועלן דערציילן וועגן איר רובי, ווייל מיט אים האָט זי אָפּגעלעבט גאַנצע זעכציק יאָר. מיט אים איז זי דורכגעגאַנגען אַ שווערן וועג פון פיל יאָרן ליידן, אָבער אויך יאָרן זאַטע, פריידיקע, ריינע, פריילעכע און רחבותדיקע . . .

זי קוקט אויפן שטול וואו רובי ליגט און זעט פאַר זיך דעם לעבעדיקן סקעלעט. אין דער זעלבער צייט זעט זי אויך די גיגאַנטישע, שטאַלצע פיגור פון צען יאָר צוריק . . . נאָר רעדן וויל זי ניט און זי וויל יאָ. זי

ווייסט, אַז רובי איז אַזוי איינגעלעבט אין איר, און זי דענקט אַז זי ווייסט נאָך מער פון אים.

— „גלייבט מיר, אַז קיין גרעסער גליק האָט איר מיר ניט געקאָנט פאַרשאַפן ווי מיט אייער קומען, מיט אייער זיצן דאָ אַ לענגערע צייט. איך ווייס, אַז אייך וועט אפשר ווי טאָן וואָס איך וועל אייך דערציילן וועגן רובי. איר ווייסט מסתם אַביסל, אָבער זיכער ניט אַזויפיל ווי איך ווייס.

— „מיר קומען ביידע פון איין שטאָט און פון איין פאַמיליע — מיר זיינען שוועסטערקינדער. אין יענער צייט, אין די יאָרן פון די שרעקלעכע פּאָגראָמען און רדיפות אין אַלטן צאַרישן רוסלאַנד, האָבן איניקע יידן געדענקט, אַז יידן וואָלטן מער אדער ווייניקער אויסגעמיטן די שרעקלעכע שחיטות, ווען זיי זאָלן ווערן פּראָדוקטיווע מענטשן, ערד־אַרבעטער. און אויב איר געדענקט, איז דאָן אַנטשטאַנען אַ באַוועגונג צווישן יידן צו גיין צו ערד־אַרבעט. באַראָן הירש האָט געהאָלפן אויסבויען קאָלאָניעס אין פיל לענדער איבער דער וועלט.

— „אויך דאָ אין ניו־דזשוירזי האָט זיך געגרינדעט אַזאַ קאָלאָניע און מיין רובי האָט פאַרלאָזן אַ פיינע באַלעבאַטישע היים, אַ סך פריינט, און צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע פון אונדזער שטאָט אַוועק מיטן פעסטן גלויבן, אַז ערד־אַרבעט פאַר יידן וועט טאַקע באמת זיין פאַר זיי אַ גאולה.

— „וואָס רובי און די אַנדערע זיינען אויסגעשטאַנען די ערשטע עטלעכע יאָר אַז אַ שפּראַך, אַז דערפאַרונג וועגן ערד־אַרבעט, אין אַ פרעמדער קולטור מיט מיט אַ צוזאַמענלויף פון יידן פון פאַרשיידענע סאָציאַלער אַנגעהעריקייט, איז שווער איבערצוגעבן, אָבער רובי איז געווען אייזן־פעסט צו שטיין אויפן פאָסטן און זיך ניט אונטערגעבן. ס׳איז ביי רובין ניט געווען קיין פראַגע פון פרוי און קינדער, נאָר טאַקע ראַטעווען דאָס פאָלק ישראל.

— „רובי האָט אַלעמאָל פאַרנומען אַ פירנדיקע פּאָזיציע מיט זיין קענטשאַפט, ערלעכקייט און איבערגעבנקייט. אָבער מער ווי עטלעכע יאָר האָט ער דאָס ניט געקאָנט אָנהאַלטן צוליב דער שווערער לאַגע, צוליב סאָציאַלע, קולטורעלע, עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און אַנדערע אורזאַכן. עס איז ניט וויכטיק וועמענס שולד דאָס איז געווען, נאָר די גאַנצע אַרבעט האָט זיך געענדיקט מיט אַ טרויעריקן דורכפאַל. רובי איז

געבליבן מיט אַ גרויסער פאַמיליע, אַן געלט, אַן אידעאַל און אַן האָפע־נונג. רובי איז אָבער ניט פון די וואָס לאָזן זיך דערטרינקען. ער איז פּעסט געבליבן טאַקע אין דערזועלבער קאָלאָניע, וואָס איז צעפאַלן גע־וואָרן, אויסגעבויט אַ געשעפט, איז געוואָרן שטרענגער, אכזריותדיקער, ווייניקער מיטפילנדיק צו די אַרבעטער זיינע. מיר זיינען געוואָרן דער־פּאַלגרייך. מיר האָבן שוין פאַרמאָגט איבער די זיבן ציפערן. מ׳האָט אים טאַקע גערופן: רובי דער מיליאָנער!

— „מיר האָבן געלעבט אינעם שענסטן הויז אין שטאָט. די קינדער זיינען געוואַקסן. קיין זאַך איז ניט געווען צו טייער אַז די קינדער זאָלן דאָס ניט קריגן. קיין שול איז ניט געווען צו גוט אָדער צו ווייט פאַר זיי. אַלע זיבן קינדער האָבן דאָס אויסגענוצט אויפן בעסטן אופן. אַלע זיינען געווען רייך און געלעבט אין וואוילטאָג“.

די טיפע וואַסערדיקע אויגן אירע זיינען פאַרלאָפן געוואָרן מיט וואַ־סער און הייסע זודיקע טרערן האָבן אָנגעהויבן טריפן אויף אירע איינ־געפאַלענע בלייכע באַקן. זי האָט אַרויסגענומען אַ קליין נאָזטיכל און אָפּגעווישט די וואַרעמע טרערן, פאַרמאַכט דאָס מויל, זיך געשטיקט ניט אַרויסצופּלאַצן אין אַ געוויין . . . געשוויגן אַ מינוט און ווידער פאַרגעזעצט:

— „איך פאַרהאָף, אַז גאָט וועט מיר פאַרגעבן וואָס איך צי אַריין מיינע קינדער אַהער. באַרים, דזשעקי און סעמי זיינען אין פיינע ביז־נעס און האָבן פון אַלעם בעסטן, אָבער איזי און דייוו, די יינגסטע, האָבן נאַרוואָס געענדיקט קאָלעדזש און אַרויפגעקוקט צום טאַטן נאָך הילף.

— „און איצט, מיינע טייערע, קומט דאָס שרעקלעכסטע פון מיין לעבן, וואָס איך וועל זיך קיינמאָל ניט פאַרגעבן, ווייל איך בין געווען די שולדיקע אין צורעדן רובין, וועלכער האָט אָנגעהויבן קרענקען צו בים־לעך און זיך באַקלאָגט אויף ווייטיקן, אַז ער זאָל איבערגעבן זיינע גע־שעפטן צו די קינדער און רובי וועט נאָר זיין אַ שותף, נאָר אַ שותף . . . יאָ, דאַכט זיך אַזאַ פיינער געדאַנק, אַזאַ גאַונישער געדאַנק. מ׳קאָן דאָך אין קבר אַריין גאָרניט מיטנעמען, טאָ פאַרוואָס טאַקע ניט זיין קיין שותף מיט די קינדער? פון אַזעלכע ליבע קינדער! אַזעלכע פיינע שניר און אייניקלעך, קיין עין־הרע, וואַקסן אויך אונטער . . .

— „ווען איר וואָלט געזען ווי פיין זיי האָבן דאָס אַרויפגעאַרבעט! ניט נאָר איז דאָס געגוג פאַר דרייען, נאָר עס טראָגט אויף אַ סך זאַכן,

ווען וואָס מיר האָבן זיך עס גאָר אין חלום ניט געקענט פאָרשטעלן. די שניר פאָרן קיין פלאָרידע יעדן ווינטער, די עלטערע אייניקלעך שיקט מען קיין אייראָפּע יעדן יאָר, און אַליין קויפט מען זיך לימאָזינען און מ׳לעבט ווי די גראָפן. די גאַנצע וועלט האָט אונדז מקנא געווען. האָב איך זיך געטראַכט: פאַרוואָס איז אונדז באַשערט אַזאַ שיין און רייך לעבן אין אַ וועלט פון הונגער, צרות און נויט?!!

— „אָבער דאָס איז געווען ביז וואַנען מיין רובי איז באמת קראַנק געוואָרן, מיט דריי יאָר צוריק, און מער ניט געקאָנט גיין אין פאַבריק, פאָרן וואו מ׳באַדאַרף וועגן אָפּזעצן סחורה, האָבן צו טאָן מיט בענק, מיט געשעפטן און בלייבן אַט אַזוי ווי איר זעט אים דאָ... ווי איר זעט אים דאָ!...

# נאָכוואָרט פון בוך־קאָמיטעט

די פריינט אַנאַ און מאָריס ראַדזשער זיינען איצט שטענדיקע תוש־בים אין בוירקלי, קאַליפאָרניע. זיי זיינען אַקטיוו אין אונדזער בוירקלי־אוקלאַנד „איקוף״־גרופּע.

אין די יאָרן 1925־1926 האָט מאָריס ראַדזשער געלעבט אין לאָס־אַנדזשעלעס. ער איז געווען דער אַרויסגעבער און רעדאַקטאָר פון אַ יידישער צייטונג, „די יידישע נייעס״, אַ פּראָגרעסיווע וועכנטלעכע צייטונג, וואָס האָט עקזיסטירט צוויי יאָר צייט, ביז וואַנען ער איז אַוועקגעפאָרן קיין בירא־בידזשאַן. אַלס רעדאַקטאָר האָט ער געהאַט די געלעגנהייט צו זיין גרינטלעך באַקאַנט מיט דער קליינער יידישער באַ־פעלקערונג פון יענעם פּעריאָד, וואָס שפּיגלט זיך אָפּ דאָס רוב אין זיין שרייבן. די אַרטיקלען זיינען אַ הילף פאַרן פאָרשער, פאַרן סטודענט און פאַרן היסטאָריקער פון דער געשיכטע פון יענע יאָרן.

מאָריס ראַדזשער האָט געלעבט פיל יאָרן אין ניו־יאָרק און איז גע־ווען טעטיק אויפן קולטורעלן געביט.

מאָריס ראַדזשער האָט זיך באַטייליקט אין פאַרשיידענע יידישע צייטשריפטן. זייענדיק אין סאָוועטן־פאַרבאַנד איז ער געשיקט געוואָרן קיין בירא־בידזשאַן און זיך געדרוקט אין „עמעס״ און אין „בירא־ביד־זשאַנער שטערן״.

פיל געדרוקטע דערציילונגען און דעראינערונגען זיינען צוזאַמענגע־קליבן אין דעם פאָרליגנדיקן בוך „טעג און יאָרן״, וואָס איז אַ חשובער ביישטייער פאַר דער יידישער קולטור.

**מאָריס ראַדזשער בוך־קאָמיטעט**

**סעם בלעקמאַן, סעק., טשאַרלס פרידמאַן, קולטור־טשערמאַן, די חברים ראַדזשער, ש. בלעקמאַן, סעק., רעי גינזבורג, ח׳טע טעפּליצקי און די חברים זעטמאַן.**

**ש. בלעקמאַן, סעקרעטאַר**

1955 סען פּאַבלאָ עוועניו, אוקלאַנד, קאַליפ.

# ספּאָנסאָרס

רחל לייזעראָוויטש
סיליע קאָהן
ל. ריפּין
יעקב פינקלשטיין
ס. ליפּצין
ב. ריפען
דזשענעט קאָהן
י. פּ. מענדעלאָוויטש
מרים באַומעל
סאָפיע באבריק
י. און ל. דאַראָשקין
ראָוז אַראָנאָוו
ב. און ל. ראָלער
דאָראַ כאַראָוועך
סאָניע אייראָף
נייטן ראַפּאָפּאָרט
ד"ר און ה. רובין
מ. סאָקאָלאָוו
ש. און סיליע דייקסל

ר. סענדערס
הילדע פּאָרמאַן
דניאל ג. טרופּין
עממאַ ראָטענבערג
גאָלדע ריטש
מאָרים און בעסי ליכטמאַן
קלאַראַ פיינגאָלד
איידאַ שעהר
מאַשאַ סקאָלניק
וואַרשעווער אסתר באַלטיק קולטור־קלוב
עטל און נייטן איינגאָרן
מערי און אייב ראָזען
פּערל און מישאַ ראָזמאַן
ש. בלעקמאַן
טשאַרלס פרידמאַן
סאָקאָלאָוו און פּרוי
יודל פראַנצבלאו